יהונתן האלפּערן.

# שײנדעלע.

(אַ זינדיגע מוטער).

א דראמא אין 3 אקטען.



ווארשע. תרע"ג.

יהונתן האַלפּערן.


# שיינדעלע.

## (אַ זינדיגע מוטער).

א דראַמע אין דריי אַקטען.




1913 תרע"ג

געזעצט ביי א. שריפטגיסער, וואַרשא, סאַפּעזשינסקא 8.

ШЕЙНДЕЛЕ (драма). соч. I. ГАЛЬПЕРНА

Тип Х. Кельтера. Новолипье 11.

# פערזאָנען:



| | | |
|---|---|---|
| ר׳ העשעלע | א רב — 80 יאָהר | |
| מירעלע | זיין טאָכטער. | |
| דוד׳ל | — 23 יאָהר. | מירעלע׳ס קינדער. |
| אסתר׳ל | — 22 יאָהר. | |
| שרה׳לע | — 18 יאָהר. | |
| שיינדעלע | דודל׳ס ווייב. | |
| יאָסעלע | זייער קינד. | |
| ר׳ ברוך ליב | א רב, שרה׳לעס מחותן. | |
| מלכה לאה | ברוך ליב׳ס ווייב. | |
| יוחנן | א משמש ביי ר׳ העשעלע׳ן. | |
| חוה׳לע | די קרעמערן. | |

אַ דאָקטאָר.

אָנגעפאָהרענע געסט, צווישען זיי לאה׳לע, גוטשיאַ און חנה׳לע.

כלי-זמרים

אָרט: א קליין פויליש שטעדטיל.



# ערשטער אַקט.

בײַ ר׳ העשעלע׳ן אין הויז. אַ גרויסע נידעריגע בית־דין־שטוב. אין הינטערגרונד און רעכטס טהירען אין די ווײַטערע צימערן. לינקס אַ טהיר אין פאָדער־הויז. אין מיטען שטוב אַ גרויסער, נישט געדעקטער טיש. אַרום דעם טיש: אויבען־אָן, צו רעכטס צו אַ גרויסער געבעטער שטוהל; פון די זײַטען צוויי לאַנגע בענק. בײַ די ווענד: אַ געפּאַרבטע הילצערנע קאַנאַפּע, אַ ארון קודש, שענק מיט ספרים, אַ שטענדער א. ז. וו. אין דער שטוב זענען אָנגעשטעלט קאָשיקעס און אָנגעלעגט פערשידענע קליידער און זאַכען.

אין דער אָפענער טהיר, וואָס אין הינטערגרונד, פון וואַנען ס׳הערט זיך פון צײַט צו צײַט, ווערענד דעם גאַנצען אַקט, דאָס שפּיעלען פון מוזיק, דאָס שאַרען מיט די פיס פון די טענצערינס און דאָס לײַכטע פלוידערען און לאַכ[ע]ן פון פיעל פרויען געסט — בעווײַזט זיך שרה׳לע אין אַ העל חופּה־קלייד. אויפ׳ן קאָפּ טראָגט זי אַ שוועך, טיעף דעק־טוך און אויפ׳ן דעק־טוך אַ לאַנגען, ווײַסען וועלאָן. הינטער איהר זעהט זיך שיינדעלע אויך אין אַ העל קלייד. צווישען דעם גערויש פון מוזיק און טאַנצען הערען זיך עטליכע יונגע פרויען־שטימען.

**פרויען־שטימען:** שיינדעלע! דו נעהמסט גאָר אַוועק פון אונז די כּלה!

**שיינדעלע:** האָט נישט קיין מורא, נישט אויף לאַנג, כ׳וועל זי אײַך באַלד צוריקברענגען.

(שרה׳לע און שיינדעלע קומען אינגאַנצען אַרײַן. שיינדעלע פערמאַכט הינטער זיך די טהיר).

**שרה׳לע** (אָבּעטהעמדיג טיעף): אַ־אַ... ווי קיהל דאָ איז — אַ פערגעניגען! כ׳האָב שוין נישט געקאָנט אויסהאַלטען דרינען. דער־מאָן דיך נאָר, צו זיצען אַזוי פיעל שעה׳ן אין אַזאַ היץ!

שײַנדעלע: צו וואָס האָסטו נאָך געלאָזט דיר אַרױפלײגן אַזאַ טוך אױפ׳ן קאָפּ?

שרה׳לע: וואָס האָב איך געקאָנט טהאָן? ס׳זענען אַרײַנגעקומען דער זיידעשי, די מחותנים (שעמעוודיג) און ער...

שײַנדעלע: אָבער איצט קאָנסטו דאָך עס אױסטהאָן!

שרה׳לע: ס׳לוינט שוין נישט, ווי לאַנג נאָך? אײדער ס׳זאָלען זיך מאַכען טענות, וועל איך שוין בעסער געהן דערין די פּאָר שעה.

שײַנדעלע: אָבער קוק דיך נאָר אָן, ווי דו זעהסט אױס אין דעם! (נעהמט אַ שפּיגעלע פון טיש) נאַ, שפּיגעל דיך אָן, וועסטו אַלײן זעהן. דו זעהסט אױס, ווי אַ פערשטעלטע.

שרה׳לע (נעהמענדיג ס׳שפּיגעלע מיט אַ שמײכעל): דו פערגעסט, אַז בײַ מײַן מחותנת׳טע וועל איך גיכער אױסזעהן ווי אַ פערשטעלטע, ווען כ׳וועל דאָס טוך אױסטהון. (זי קוקט אין שפּיגעלע און מאַכט אַ אונצופרידענע גרימאַסע. שטעלט אַוועק ס׳שפּיגעלע אױפ׳ן טיש., שטעלט זיך אַקעגענאיבער און פּרובירט בעסער צו מאַכען ס׳דעק-טוך. זי רוקט עס אַרױף, אַראָב, אָן דער זײַט און בלײַבט אַלץ אונצופרידען. ענדליך נעהמט זי עס אינגאַנצען אַראָב און בלײַבט אַ ווײַלע שטעהן שמײכלענדיג צופרידען צו זיך זעלבסט. זי לעגט אונבעמערקט אַוועק דאָס דעק-טוך אױפ׳ן טיש און פערריכט זיך בײַם שפּיגעלע די פריזורע, פערריקט מעהר אָן אַ זײַט די שלײף פון איהר טאַליע-באַנד, לעגט בעסער די פאַלדען פון קלייד א. ז. וו.)

שײַנדעלע (צוהעלפענדיג שרה׳לען אין איהר אַרבײט. שפּאָטיש): דײַן מחותנת׳טע... (ערנסט) דו ווײסט, שרה׳לע, דער חתן דײַנער געפעלט מיר: ער איז אַ שענער יונג מיט אַ פּאָר לעבעדיגע, קלוגע אױגען, נאָר אַ מחותנת׳טע, אַ שווינגער בעקומסט דו — בין איך דיך גאָרנישט מקנא: זי איז בלויז הימעל און ווײל גאָרנישט וויסען, אַז די וועלט איז אויך עפּיס ווערטה. כ׳האָב נישט ליעב אַזעלכע מענשען.

שרה׳לע (אַ ביסעל אונרוהיג): צי איז שוין עפּעס פאָרגעקומען צווישען אײַך?

שײַנדעלע: זעה נאָר, ווי צוקנײטשט דײַן טאַליע-באַנד איז!

שרה׳לע: יאָ, ס׳אײַזען איז קאַלט געוועזען און האָט נישט געוואָלט פּרעסען.

שײנדעלע: דו קאָנסט אָבער נישט געהן אַזוי. נעהם דיר מײַן באַנד.
(בינדט זיך אָב די שאַרפּע פון איהר קלייד).

שרה׳לע: און וואָס וועסט דו האָבען?

שײנדעלע: איך וועל מיר שוין העלפען. איך בין דאָך נישט קיין כלה... פאַר מיר וועט די שמאָלע באַנד פון שלאָפראָק אויך גוט זײַן.

שרה׳לע (נעהמענדיג פון שײנדעלע׳ן די באַנד): צי איז עפּיס פאָרגעקומען צווישען דיר מיט מײַן מחותנת׳טע, וואָס דו ביזט אויף איהר אַזוי בייז?

שײנדעלע: וואָס האָט געזאָלט פאָרקומען? כ׳קען גלאַט נישט לײַדען קיין גן־עדן־פאַנעס און נאָך דערצו אַזאַ בעיאַמערטע.

שרה׳לע: וואָס ווילסטו פון איהר האָבען? זי איז דאָך אַ פאַרצײַטיש מענש.

שײנדעלע: אַ פאַרצײַטיש מענש — דײַן מוטער, די שוויגער מײַנע איז אויך אַ פאַרצײַטיש מענש און דאָך איז זי גאָרנישט אַזוי בעוויינט... נעהם דיר אַ ביסעל העכער דעם טרעגן. דײַן מוטער איז אויך שוין נישט קיין יונג ווײַבעל און דאָך איז אַ פערגעניגען מיט איהר צוזאַמען צו זײַן. זי איז פרום — איז זי פרום פאַר זיך און פערגינט אַנדערע צו געניסען פון דער וועלט.

שרה׳לע: און די מחותנת׳טע פערגינט דען נישט, חלילה, עמיצען?

שײנדעלע: ניין, זי פערגינט נישט! אַ מענש, וואָס לאַכט זיך קיינמאָל נישט אויס, אַ מענש, וואָס ווערט פון קיין שום זאַך נישט אויפגערעגט און דרעהט זיך שטענדיג אַרום מיט אַ גאָטספאָרלטיג פערזאָרגט פנים און קוקט אויף דער גאַנצער וועלט, ווי אויף עפּיס אַ נאַרישע זינדיגע זאַך — אַזאַ מענש קאָן נישט פערגינען. זי קאָן נישט זעהן קיין שטיפען, קאָן נישט הערען קיין לאַכען. באַלד זעהט יענער ביי איהר אויס ווי אַ זינדיגער, און זי פערגלאָצט באַלד די אויגען צום הימעל, ווי זי וואָלט וועלען זאָגען: זעה נאָר, גאָטעניו, ס׳אַראַ זינדיגער מענש דאָס איז. זי איז די וועלט׳ס שונא, און דעריבער קאָן איך זי נישט לײַדען.

שרה׳לע: די מחותנת׳טע האָט דיר געמוזט עפּיס זאָגען, און דעריבער ביזטו אַזוי בייז אויף איהר.

שײַנדעלע: דו האָסט אַ טעות. זי האָט מיר גאָרנישט געזאָגט, און
ווען זי וואָלט מיר אפילו יאָ געזאָגט עפּעס, וואָלט עס
מיך אויך נישט פּעררדראָסען. פּערקעהרט, זי וואָלט נאָך ביי מיר
אויפגעשלאָגען דערמיט. וואָרום כ'פּערשטעה דאָך גאַנץ גוט, אַז דעם,
וואָס איז פרום, קאָן איך נישט געפעלען, און ווען דיין מחותנת'טע
וואָלט געפּרובט מיך אויס'מוסר'ן, וואָלט איך עס געפינען פאַר גאַנץ
נאַטירליך פון איהר זייט. זי האָט אָבער גאָרנישט אָנגעהויבען מיר
צו זאָגען מוסר און איז מיט מיר האַרצעשי-קרוינעשי, אַזוי ווי זי
וואָלט אין מיר גאָר קיין שלעכטס נישט געזעהען — און דאָס פּער-
דריסט מיך ערשט. צו וואָס האָט זי זיך צו פּערשטעלען!

שרה'לע (מיט אַ שמייכעל): אפשר זעהט זי טאַקי נישט קיין שום
שלעכטס אין דיר; קאָן זיין, אַז זי פּערשטעהט אויך שוין,
דאָס די אַלע זאַכען זענען נישט אַזעלכע געוואַלדיגע
פּערברעכען.

שײַנדעלע: יאָ, דאָס קאָן איך שוין גלויבען. כ'בין מיך חאַטש נוקם
אָן איהר: וואָס מעהר זי וויל מיר ווייזען, אַז זי האַלט
מיך פאַר גאָר גוט, אַלץ מעהר ווייז איך איהר ווי נישט פרום איך
בין. היינט אין דערפריה, ווען זי איז געוועזען ביי מיר, האָב איך
פונקט געהאַט אָנגעטהון יוסעלע'ן און האָב איהם געהאַלטען אויף דער
האַנד. יוסעלע, ווייסטו דאָך, ווער ס'זעהט איהם, מוז צו איהם לאַ-
כען און זיך אָנגעבען מיט'ן. היינט איז ער אָבער נאָך שענער געוועֶ-
זען ווי אַלעמאָל. אין דעם נייעם ראָזען קליידעל האָט ער אויסגעזעהן
טאַקי נאָר ווי אַ מלאכ'ל און האָט געמאַכט אַזעלכע קונצלעך און חני-
דעלעך, אַז דיין פּערוויינטע מחותנת'טע האָט זיך שוין נישט געקאָנט
איינהאַלטען און האָט צו איהם געשמייכעלט. דערנאָך, ווען זי האָט
שוין געוואָלט אַוועקגעהן, האָט זי אָבגעריסען אַ טראָלז פון איהר
פאַטשיילע און עס אַרויפגעוואָרפען אויפ'ן קינד — אַ שטיקעל פאַרב
פאַר אַ עין-הרע. „ס'איז איבריג, מחותנת'טע. איהם שאַדט נישט קיין
עין-הרע" — האָב איך מיך אָנגערופען ערנסט. „וואָס? ער טראָגט אַ
קמיע'לע?" האָט זי מיך געפרעגט. „ניין. כ'האָב אַ סגולה". „אַהאַ,
דיין עלטער-שווער האָט דיר דאָס אודאי געגעבען?" האָט זי צו מיר
געזאָגט. „ניין", זאָג איך, „ס'איז מיין אייגענע סגולה: כ'גלויב נישט

אין די אַלע נאַרישקייטען. דאָס איז די בעסטע סגולה". האָ-האָ-האָ! דו האָסט געברויכט זי דערמאָלט צו זעהן. זי איז געבליבען שטעהן אָפען מיט'ן מויל. אָ, אַזוי! (זי מאַכט נאָך) „וואָס וואונדערט זיך אַזוי די מחותנת'טע? די סגולה איז ביי איהר אַ נייעס?" — האָב איך זי מכלומרשט ערגסט געפרעגט. זי האָט מיר גאָרנישט געענטפערט, נאָר האָט אַ קוק געגעבען אויף מיר מיט אַ פּאָר אויגען, נאָר צו דער-שטעלען.

שרה'לע: אויף וואָס טויג דיר דאָס זיך צו רייצען מיט איהר?

שיינדעלע: נו פאַרוואָס פערשטעלט זי זיך פאַר מיר? פאַרוואָס כאַפּט זי זיך מיט מיר אַרום, ווערענד זי איז מיר אַ שונא?
ווען כ'זעה, מאַכט זי אַ זיס פּנימ'ל, ווי זי וואָלט מיר וועלען ס'לע-בען אַוועקגעבען, און אַזוי, ווי כ'גיב מיך נאָר אַ דרעה אַוועק, שאָ-קעלט זי מיר נאָך מיט'ן קאָפּ. לאָז זי זיין מיט מיר אָפענהערציג; לאָז זי אָפען ווייזען, וואָס זי קלערט וועגען מיר. קיין פערשטעלטע מענשען האָב איך... זעה נאָר! וואו האָסטו דיר עפּיס געמאַכט אַזאַ פלעק אין קלייד?

שרה'לע: מען זעהט טאַקי אַ פלעק? דער געראָטענער סאַרווער האָט דאָס מיר געמאַכט: ער האָט פערגאָסען אַ גלעזעל ווישניק. אַזאַ עגמת-נפש... און פּונקט האָט ער געטראָפען אויפ'ן שענסטען אָרט!

שיינדעלע: אַ שאָד, אַזאַ שען קליידעל... האָסט געברויכט באַלד אַוועקוואַשען.

שרה'לע: כ'האָב באַלד געוואַשען און געריבען, און ס'האָט גאָרנישט גע'פּועל'ט. אַזאַ אונבעהאָלפענער: ער טיילט אַרום עטלי-כע גלעזלעך ווישניק, מוז ער ערשט האַלב פערגיסען. כ'האָב'ן כאָטש אויסגעזידעלט.

שיינדעלע: וואָס איז ער שולדיג? האָט ער עס דען עקסטרא גע-טהאָן? ער האָט מסתמא אַליין גענוג קרענקונג דערפון.
נאָר אַ שאָד... דו ווייסט וואָס? פערנעהם דיר דאָ מיט דער שאַרפע... אָט אַזוי... מ'זעהט שוין גאָרנישט. דו ווייסט — דו זעהסט אויס פרי-מאַ אין דעם קלייד. ס'ליגט אויף דיר ווי אָבגעגאָסען.

**שרה׳לע** (בעקוקט זיך): יאָ, ס׳ליגט גוט. אלע קליידער מיינע זענען גוט אַרויסגעקוקט׳ען.

**שיינדעלע**: זעהסטו! און האָסט דוקא געוואָלט אַוועקגעבען אין דער פרעמדער צו מאַכען די וויפּראַווע. פאַרוואָס זאָלען נישט פערדינען היימישע בעלי-מלאכות?

**שרה׳לע** (האָט געענדיגט איהר טואַלעט, דרעהט זיך אום צו שיינדעלען. ערנסט): שיינדעלע, זיי איינגעהאַלטען מיט ווערטער, ווען דו רעדסט מיט מיין מחותנת׳טע. כ׳קאָן דאָך דיך: דו האָסט ליעב יעדען צו זאָגען דעם אמת. ס׳קאָן דיר נאָך איינפאַלען איהר עפּיס צו זאָגען און ס׳קאָן זיך מאַכען עפּיס אַנ׳עגמת-נפש.

**שיינדעלע**: וואָס פאַלט דיר איין? כ׳וועל שלעכט בעהאַנדלען אונזערם אַ גאַסט און נאָך דערצו אַ עלטער מענש?

**שרה׳לע** (זעצט זיך אויף דער קאנאפּע): דו ווייסט — כ׳בין אַזוי אונרוהיג, כ׳האָב אַזוי מורא, אַז ס׳זאָל נישט אַרויספּלאַצען עפּיס אַ מחלוקה... כ׳קאָן דאָך נישט גלויבען, אַז די מחותנים וועלען אַזוי גאָר אין גוטען בעשטעהן אויף מיין פיהרעכץ. איבערהויפּט די מחותנת׳טע. זי הערט נישט אויף צו שאַרצען מיט דער נאָז: די העמדער זענען צופיעל דעקאָלטירט און מיט קורצע אַרבעל, די קליידער זענען פּריציש — גאָר טויג נישט. אויף אַלעם געפינט זי עפּיס אַ הסרון. פאַר׳ן בערעקענס, ווען דו ביזט אַהיימגעגאַנגען צום קינד, האָט זיך שיעור געמאַכט אַ חתונה: אַ גאַנצע חברה ווייבער האָבען זיך מיר אַרומגעשטעלט און האָבען געוואָלט מיר אויפפלעכטען און צופלעכטען די האָהר...

**שיינדעלע** (זעצט זיך נעבען שרה׳לען מיט אַ שמייכעל): דאָס איז דאָך אַ סגולה: צופלעכטען די האָהר ביי אַ כלה פאַר׳ן בערעקענס, איז אַ סגולה אויף קינדער, אויפפלעכטען איז ווידער אַ סגולה גרינג צו האָבען.

**שרה׳לע**: כ׳ווייס דאָס. אָבער וואָס געהט עס מיך אָן? פאַרוואָס דאַרף איך עפּעס דינען עמיצען מיט מיינע האָהר פאַר אַ סגולה? נו, האָסטו געדאַרפט צו זעהן, ווי בייז די מחותנת׳טע איז געוואָרען. זי איז באַלד צוגעלאָפען מיט אַ פּרעטענסיע צו דער מאַ-מעשי, און ס׳האָט זיך שוין אָנגעהויבען צו מאַכען אַ גע׳טענה׳ניש. אַ מערכה, וואָס פּונקט זענען אַריינגעקומען די מענער בערעקען און

ס'איז שטיל געוואָרען. אָבער אויף ווי לאַנג? אז אַלע מינוט געפינט זי אַנ'אַנדערע עבירה.

שיינדעלע: אָבער וואָס אַרט דיך דאָס, וואָס זי געפינט עבירות? דו טהו דיר ס'רייניגע און גינוג.

שרה'לע: מוז איך דאָך מיך קריגען.

שיינדעלע: צו וואָס זאָלסטו זיך קריעגען? דו דאַרפסט גאָרנישט טענה'ן, נאָר טהון ווי דו פערשטעהסט.

שרה'לע: גאָרנישט טענה'ן און טהון ווי דו פערשטעהסט — יאָ, זאָגען זאָגט זיך עס גרינג. דו מיינסט, אַז ס'איז ליעב צו זעהן, ווי אַלע דרעהען זיך אַרום מיט ברוגז'ע פנימ'ער?

שיינדעלע: ווער אַלע? אַלץ די מחותנת'טע?

שרה'לע (שעמעוודיג): און ער...

שיינדעלע: ווער? דער חתן? (שרה'לע שאָקעלט אויף יאָ) איי ביזטו נאָך אַ נאַר! דו מיינסט טאַקי, אַז ער וועט שטענדיג זיין אַזאַ בטלנ'דיל, ווי היינט? דאָס איז ער געוועזען אַזוי לאַנג ווי ער איז געוועזען ביי זיינע עלטערן; ביי דיר וועט ער שנעל אַנדערש ווערען. מ'ברויך נישט מעהר ווי מיין מאַן איז געוועזען פאַר דער חתונה. ער איז דאָך דיין ברודער, געדענקסט דאָך מסתמא, ווי פאַנאַטיש ער איז געוועזען! זאָג, איז ער נישט היינט אינגאַנצען אַ אַנדערער מענש?

(דורכ'ן הינטערגרונד קומט אַריין מלכה-לאה. שרה'לע הויבט זיך אויף און געהט איהר אַנטקעגען).

מלכה-לאה: דו ביזט גאָר דאָ, כלה? און איך זוך דיך אַרום.

שרה'לע: כ'בין דאָ אַריינגעגאַנגען זיך אַ ביסעל אָבקיהלען. כ'האָב שוין נישט געקאָנט אויסהאַלטען די היץ דרינען. די מחותנת'טע ברויך מיך עפּיס?

מלכה-לאה: ניין, אַז ס'איז דיר היים, קאָנסטו זיצען דאָ אַ ביסעל. הינען איז טאַקי קיהלער. כ'האָב גלאַט נישט געוואוסט, וואו דו ביזט מיר עפּיס פלוצלונג אַהינגעקומען. אָבער דו זיצסט דאָ גאָר אַליין? דו פערגעסט, אַז דו ביזט אַ כלה און טאָ־סט נישט זיין אַליין אין אַ שטוב! נאָך גוט וואָס ס'איז מיר איינגעפאַלען צו געהן זעהן וואו דו ביזט.

שׂרה׳לע: כ׳בין נישט אַליין, מײַן שוועגערין שײַנדעלע איז דאָך דאָ מיט מיר.

מלכּה-לאה (שמייכעלט ליעבליך צו שײַנדעלע׳ן, וועלכע קומט צו): אָ, דו ביזט אויך דאָ! כ׳האָב דיך גאָרנישט געזעהן.

שײַנדעלע: די מחותּנת׳טע זעהט, ווי אַ גוטע שוועגערין איך בין? כ׳היט אָב שׂרה׳לען, זי זאָל נישט בלײַבען אַליין. כ׳האָב נאָר געזעהן, אַז זי געהט דאָ אַרײַן, בין איך באַלד מיטגעגאַנגען.

מלכּה-לאה (ליעבליך): יאָ, ס׳איז גאַנץ גוט אַזוי. (צו שׂרה׳לען) נו, פון הײַנט אָן, מײַן קינד, ווערסטו שוין האָבען אַ מאַן ביז הונדערט און צוואַנציג יאָהר, וואָס וועט דיך אָבהיטען.

שײַנדעלע (מיט אַ געמאַכט ערנסטקײַט): אַזוי? וועט מען זי ווײַטער אויך דאַרפען היטען? און איך האָב געמײנט, אַז נאָר הײַנט, ווען זי איז אַ כּלה, טאָר זי נישט זײַן אַליין.

מלכּה-לאה: אַ יורישע טאָכטער דאַרף שטענדיג, מ׳זאָל זי אָבהיטען, וואָרען וואָס קאָן, משטײַנס געזאָגט, אַ זינדיגע יודענע ווי-סען, ווען נישט אַ מאַן, אַ בן-תּורה זאָל זי אָבהיטען און זאָגען וואָס מען טאָר נישט.

שײַנדעלע: אָ, וועגען דעם קאָן די מחותּנת׳טע רוהיג זײַן. שׂרה׳לע איז אַ רבּ׳ס אַ אײניקעל און דערצו נאָך אַ וואוילע קענערין און ווײַסט אַליין, וואָס יאָ און וואָס נישט (שׂרה׳לען), ס׳וואָהר, שׂרה׳לע? (שׂרה׳לע ציהט זי בײַם אַרבעל, זי זאָל שווײַגען).

מלכּה-לאה: (וואַרפט אַ בײזען בליק אויף שײַנדעלע׳ן. צו שׂרה׳לען) נו, כּלה, קום אַרײַן צו די געסט. ס׳פּאַסט נישט צו לאָזען זיי אַזוי לאַנג גאָר אַליין. (בעמערקענדיג פּלוצלונג) וואָס האָסט דו געטהון, שׂרה׳לע? וואו האָסט דו ס׳דעקטוך? (דערזעהט ס׳טוך אויפ׳ן טיש און נעמט עס) טהו אָן געשווינד. דו פערגעסט גאָר, אַז דו ביזט שוין נישט קײן מײדעל און טאָרסט מעהר נישט געהן מיט די בלויזע האָהר.

שײַנדעלע: לאָז די מחותּנת׳טע געהן לאָזען מיט דעם. זי זעהט דאָך אויס דאַרין, ווי אַ פּורים-שפּיעלער.

מלכּה-לאה: וואָס זאָגסט דו עפּעס, כ׳זאָל געהן לאָזען? מ׳טאָר דאָך נישט אַזוי!

שיינדעלע: פאַרוואָס טאָר מען נישט? איך ווייס, אַז אַ כלה דאַרף זײַן שען. אדרבא, לאָז די מחותנת׳טע אַליין זאָגען: איז זי נישט שענער אַזוי, אַלס מיט אַ פערדרעקטען קאָפּ?

מלכה־לאה: כ׳בעט דיך, לאָז געהן איצט מיט געלעכטערן. דאָס איז קיין שפּאַס. מ׳טאָר נישט. (וויל אָנטהון שרה׳לען ס׳טוך)

שיינדעלע (נעמט עס ביי איהר צו): פאַרוואָס האָט די מחותנת׳טע נאָך גענומען אַזאַ טוך? וואו זעהט מען דאָס היינט? היינט, אַז מען בעדעקט, פערנעמט מען אַ ביסעל געדיכטער דעם שלייער און גענוג.

מלכה־לאה: וואָס פערצעהלסטו מיר מעשיות פון היינט? איך בין אַ פאַרציײטיש מענש און וויל נישט וויסען, וואָס היינט איז.

שיינדעלע: די מחותנת׳טע דאַרף אָבער געדענקען, אַז שרה׳לע איז אַ היינטיש מענש און האָט דאָס רעכט נישט צו וועלען וויסען, וואָס ס׳איז פאַרציײטענס געוועזען.

(מלכה-לאה נעמט ראַש אָב ס׳טיכעל פון שיינדעלע׳ן און וויל עס אָנטהון שרה׳לען).

שרה׳לע (אויפגעבויגענדיג לייכט דעם קאָפּ): ניין, מחותנת׳טע, כ׳וועל אַ ביסעל געהן בלויז. דאָ הינען זעהט דאָך קיינער נישט. ס׳איז מיר אַזוי הייס...

(מלכה-לאה שטעהט אַ ווײַלע, ווי איבערראַשט. ענדליך לעגט זי אַנידער ס׳טוך און געהט שנעל אַרויס)

שרה׳לע (אונרוהיג): איצט וועט זיך מאַכען.

שיינדעלע: געה שוין, ס׳וועט זיך גאָרנישט מאַכען; זי וועט זיך אַ ביסעל אויסבייזערן און מעהר נישט. זי קלערט גלאַט אויס אַזעלכע זאכען, וואָס מ׳זעהט שוין נישט אין ערגער. פויזע) האָסט געזעהן? צום ערשט האָט זי געזאָגט, אַז דו קענסט דאָ זיצען און דערנאָך, אַזוי ווי זי האָט נאָר מיך דערזעהן, האָט זי דיך באַלד געהייסען אַרייַנגעהן מכלומרשט צו די געסט. דאָס האָט זי געוואָלט דיך אַוועקפיהרען פון מיר. כ׳האָב שוין עטליכע מאָל בעמערקט, אַז זי גיט אַכטונג, דו זאָלסט נישט בלייבען מיט מיר אַליין. זי מיינט, אַז ווען דו וועסט דיך נאָר נישט חבר׳ן מיט מיר, וועסט דו שוין זיין אַ גוט פרום לעמעלע, און זי וועט קאָנען מיט דיר אַלץ מאַכען.

שרה׳לע: און זי וואָלט טאַקי מיט מיר אַלץ געמאַכט, ווען כ׳האָב נישט דיך. דו ווערסט גלויבען — נעבען דיר בין איך גאָר אַ אַנדערער מענש. ווען כ׳האָב דיך נעבען זיך, פיהל איך מיך דרייסט, פייעסט און האַלט זיך פעסט ביי דאָס מיינינגע, און אָהן דיר בין איך עפּיס אַזוי שוואַך, כ׳פיהל זיך עפּיס אַזוי אַליין, אַז כ׳פאַל באַלד איבער די הענד.

(דורכ׳ן הינטערגרונד קומט אריין אסתר׳ל).

אסתר׳ל: וואָס איז דאָס דאָ געווען? די מחותנת׳טע איז דאָך עפּיס אַריינגעקומען פון דאַנען אַזוי צוקאָכט?

שרה׳לע (איבערגעשראָקען): וואו איז זי איצט?

אסתר׳ל: זי איז דרינען. זי רעדט עפּיס אַריין מיט אַזא היץ אין דער מאַמעשי.

שיינדעלע: זי רעדט שוין ווידער אַריין אין דער שוויגער! וואָס נאָר עפּעס, לויפט זי באַלד צו איהר מיט אַ מסירה, ס׳איז מיר אַ רחמנות די שוויגער; כ׳פערשטעה, וויפיעל געזונד דאָס קאָסט זי, זי איז דאָך אַ גוטע און וויל אַלץ יעדען צופריעדען שטעלען.

אסתר׳ל: אָבער וואָס איז דען דאָ געווען?

שיינדעלע: גאָרנישט, ס׳לוינט נישט צו רעדען דאַפון. כ׳האָב איהר געזאָגט, אַז היינט בעדעקט מען שוין נישט מיט אַזעלכע גראָבע טיכער ביז איבער די אויגען.

שרה׳לע: כ׳וואָלט נאָר גערן געוואָלט וויסען, וואָס זי קלערט זיך, מיין מהותנת׳טע? צו מיינט זי טאַקי, אַז וויל כ׳בין איהר כלה, טאָר איך שוין גאָרנישט האָבען מיין דעה און מוז אין אַלעם נאָר קוקען איהר אין מויל? צייט זי איז געקומען, האָט זי נאָך נישט אויפגעהערט אויסצוזוכען אין מיר אַלע מינוט עפּיס אַנדערש צו טאַדלען. גאָר געפעלט איהר נישט! כ׳רעד צופיעל, כ׳לאַך צו הויך; זי האַלט כסדר אין איין קאָמאַנדעווען מיט מיר: דאָס טהו נישט, דאָס רעד נישט, מיט דעם זיי ברוגז, מיט דעם חבר — פונקט, ווי כ׳וואָלט געוועזען איהר פערקויפטער שקלאַף.

שיינדעלע: דו ביזט עס דיר אַליין שולדיג. ווער הייסט דיך לאָזען זיך פון איהר אַרומפיהרען? אַ מענש דאַרף האָבען ענערגיע.

שרה׳לע: כ׳ווייס, אַז כ׳בין עס מיר אַליין שולדיג, כ׳האָב באַלד אין אָנהויב געברויכט מיך מיט איהר אָפען אַרורכשמועסען; כ׳האָב איהר גערארפען צו זאָגען, אַז כ׳בין שוין נישט קיין קליין קינר, וואָס מ׳זאָל מיך דאַרפען פיהרען. וואָס זאָל איך אָבער טהון, אַז כ׳קאָן נישט. כ׳בין צו גוט.

שיינדעלע: דאָס הייסט נישט צו גוט — דאָס הייסט צו שוואַך.

שרה׳לע: דו ביזט אפשר גערעכט, כ׳בין אפשר טאַקי צו שוואַך, נאָר וואָס איז מיר אַ חילק ווי ס׳איז — כ׳קאָן דאָך נישט, כ׳בין שוין עטליכע מאָל אַזוי בייז געוואָרען, אַז כ׳האָב שוין געוואָלט איהר אַראָבזאָגען. נאָר יעדעס מאָל בעפאַלט מיך עפּיס אַ מורא, און זאָג נישט. כ׳האָב שוין געקלערט דיך צו בעטען, דו זאָלסט מיט איהר רעדען, נאָר כ׳ האָב מיר איבערגעלעגט: דו האָסט אָהן דעם אויך גענוג שונאים, מ׳זאָגט אַזוי אויך, אַז דו האָסט אונז אַלע קאַליע געמאַכט. צו וואָס זאָלסט דו דיר נאָך איבער מיר פערשאַפען פרישע שונאים און נאָך מעהר מאַכען מענשען רעדען פון דיר.

שיינדעלע: אויף דעם דאַרפסט דו נישט צו קוקען: איך מאַך מיר ווייניג פון דעם, וואָס דיין מחותנת׳טע אָדער נאָך ווער דאָרט, וועלען אויף מיר בייז זיין. כ׳וויל נאָר, אַז די, וואָס זענען מיר ליעב, זאָלען מיך ליעב האָבען — און דאָס האָב איך: דו און דיין מוטער האָבען מיך ליעב, דוד׳ל האָט מיך ליעב, מיין קליין שוועלבעלע האָט מיך ליעב, אַ פּאָר גוטע פריינד, וואָס געפעלען מיר, האָב איך — און דאָס איז פאַר מיר גענוג. וועגען מעהר קימער איך מיך נישט.

אסתר׳ל: און מיך רעכענסט דו נישט?

שיינדעלע: אויף דיר בין איך בייז.

(דו. כ׳ן הינטערגרונד קומט אַריין מירעלע. שיינדעלע און שרה׳לע לויפען איהר אַקעגען).

שיינדעלע: די שוויגער איז גוט בייז אויף מיר!

שרה׳לע: די מאַמעשי איז אַוראי אויף מיר בייז!

מירעלע: נאַרישע קינדער! וואָס פאַלט אייך איין! אויף אייך וועל איך בייז זיין? פאַרוואָס?

**שרה׳לע:** אָבּער מיר פערשאַפען דאָך דיר קרענקונג מיט אונזער פיהרען! די מחותּנת׳טע האָט דאָך דיר מסתּמא אָנדערצעהלט גאַנצע מעשׂיות פון מיר מיט שיינדעלע׳ן?

**מירעלע:** וואָס פאַלט דיר איין? זי האָט מיר גאָרנישט אַזעלכע שרעקליכע פערצעהלט, אַז כ׳זאָל אַזש אויף איין ביין ווערען. ס׳פערדריסט מיך נאָר, וואָס די מחותּנת׳טע האָט עגמת-נפש. אָבער וואָס זענט איהר שולדיג אין דעם? איהר זענט דאָך יונגע קינדער.

**שיינדעלע:** די שוויגער איז אַ גוטע... כ׳האָב זי ליעב... אויף מיין וואָרט, כ׳האָב זי ליעב. (פון הינטערגרונד הערט זיך דאָס שפּיעלען פון אַ וואַלס. שיינדעלע נעמט אַרום מירעלע׳ן צום טאַנצען) די שוויגער וועט מיט מיר טאַנצען אַ וואַלס (מירעלע ווערט זיך לייכט, לאַבענדיג) די שוויגער וועט טאַנצען... זי האָט נאָך היינט קיין איינמאָל נישט געטאַנצט מיט מיר... (זיי טאַנצען)

**מירעלע** (מיט אַ געלעכטער): וואָס טהוט זיך מיט דיר... משוגענע... לאָז אָב... וואָס טהוט זיך מיט דיר... ס׳איז נישט שען, מ׳קוקט אַריין... אויף מיין וואָרט, מ׳קוקט אַריין... לאָז אָב, משוגענע... (זיי שטעלען זיך אָב. אַלע לאַכען) אוי, אַ ווילד קינד דו ביזט... אוי, כ׳האָב מיך אָנגעאַרבּייט... וואַרט, כ׳וועל דיר שוין בּעצאָהלען! אם-ירצה-השם אויף יאָסעלע׳ס חתונה וועל איך דיך נעמען מיט געוואַלד צום טאַנצען און וועל דיך נישט אָבלאָזען אַזוי שנעל.

**שיינדעלע:** פאַר דעם האָב איך נישט קיין מורא: אויף מיין יאָסעלע׳ס חתונה וועל איך אַזוי פיעל טאַנצען, אַז די שוויגער וועט גאָרנישט האָבען, ווען מיך צו נעמען מיט געוואַלד.

**מירעלע:** נו, מ׳וועמיר שוין זעהן, איצט, קינדערלעך, לאָמיר אַריין געהן, ס׳קאָן די מחותּנת׳טע פערדריסען, וואָס מיר זיצען אַלע דאָ און לאָזען זי דרינען אַליין.

(שרה׳לע שטעהט אין פערלעגענהייט און קוקט אונצופריעדען אויפ׳ן רעקטוך, וואָס ליעגט אויפ׳ן טיש. שיינדעלע בעמערקט עס).

**שיינדעלע:** וואַרט, כ׳וועל דיר פערנעמען דעם שלייער אָנשטאָדט דעם רעקטוך. כ׳וועל נאָך ברענגען אַפּאָר שפּילקעס. (לויפט אַרויס דורך רעכטס, מיטזינגענדיג דעם וואַלס, וואָס הערט זיך פון דער חתונה-שטוב).

אסתר׳ל (זעצט זיך אויף דער קאנאפּע): זי איז נאך ווייטער אַזוי ווילד און ליעב ווי אַמאָל. דורך די צוויי יאָהר, וואָס כ׳בין נישט היע געוועזען, האָט זי זיך אויף קיין האָר נישט געענדערט.

מירעלע: אָ, שטענדיג איז זי אַזוי; שטענדיג איז זי פרעהליך און לאַכענדיג, ווי אַ קינד — אַזוי, אַז יעדער מוז זי ליעב האָבען. אַפילו דער זיידע דיינער, דו געדענקסט דאָך, ווי בייז ער איז אויף איהר געוועזען אין תחילת? היינט האָט ער זי כמעט ליעבער פון אונז אַלע. וואָס דען? אַזוי ווי דו איז גוט? האָסט דיר אָנגעטהון אַ זויער פנים און צייט דו ביסט היע, האָסט דו זיך נאָך נישט אויסגעלאַכט. דו וואָלסט דיך טאַקי געמעגט אַ ביסעל לערנען ביי איהר, לערנען ווי אַזוי אַ יונג ווייבעל דאַרף צו לעבען.

שרה׳לע (מיט אַ געלעכטער): די מאַמעשי הייסט זיך לערנען ביי שיינדעלע׳ן, און מיין מחותנת׳טע הייסט מיך מיט איהר ברוגז זיין, כדי כ׳זאָל מיך נאָר נישט, חלילה, אָנלערנען פון איהר.

מירעלע: וואָס? זי וויל מיר גאָר אָנמאַכען אַ מחלוקת אין הויז! ווייסט נאָר נישט שיינדעלע דאָפון?

שרה׳לע: זי מערקט זיך עפּיס, נאָר האָב נישט קיין מורא, מאַמעשי: שיינדעלע איז נישט פון די מענשען, וואָס געפינען זיך בע־לייריגט פון אַזעלכע זאַכען, און איך בין אויך נישט אַזאַ נאַר, אַז כ׳זאָל האָרכען די מחותנת׳טע און זיך צוקריגען, מיט וועמען זי וועט...

(שיינדעלע קומט צוריק אַריין און געהט צו צו שרה׳לען).

שיינדעלע: (מיט אַ געלעכטער צו שרה׳לען) נו, קום אַהער, כלה, כ׳וועל דיך באַדעקען.

(זי פערלעגט איהר דעם שלייער און בעפעסטיגט מיט שפּילקעס, מירעלע געהט דערווייל צו צו אסתר׳ן און זעצט זיך נעבען איהר).

מירעלע: אסתר׳ל, וואָס איז דאָס טאַקי, וואָס דו ביסט אַזוי פער־זאָרגט און טרויעריג? כ׳האָב דיך שוין עטליכע מאָל גע־פרעגט, און דו קומסט יעדעס מאָל אָב מיט עפּיס אַ תירוץ. בין איך דיר דורך די צוויי יאָהר געוואָרען אַזוי פרעמד, אַז דו קאָנסט מיר שוין נישט פערטרויען און אַראָבריידען זיך פאַר מיר? (אסתר׳ל וויל עפּיס ענטפערן, מירעלע לאָזט נישט) ניין, ענטפער נישט. איידער דו זאָלסט מיר ווידער זאָגען עפּיס אַ תירוץ, איז גלייכער, אַז דו זאָגסט מיר

גאָרנישט... האָסט אפשר דאָרט עפּיס עגמת נפש פון שוועהר און שוויגער?

**אסתר׳ל:** אַך, ניין! וואָס פעלט דיר איין? זיי בעהאַנדלען מיך זעלטען גוט.

**מירעלע:** נאָר פאַרוואָס דען ביזט דו עפּיס פּלוצלונג געוואָרען אזא שוויינענדיגע און טרויעריגע?

**שיינדעלע** (פאָרענדיג זיך אַרום שרה׳לעס שלייע): וועֶר? אסתר׳ל? זי איז דאָך שוין אַ אַלטע יודענע, אַ רבי׳צין געוואָרען.

**מירעלע:** דו הערסט, וואָס שיינדעלע זאָגט? דו ביסט שוין אַ אַלטע יודענע. און טאַקי — אַ ווייבעל ווי דו, צוויי יאָהר נאָך דער חתונה, האָסט נאָך ברוך השם קיין זאָרג. ס׳פעהלט דיר קיין עין-הרע גאָרנישט — ברויך דאָך אַלץ אין דיר צו לעבען. און דו דרעהסט דיך אַרום אזוי אומעטיג און ערנסט — טאַקי נאָר ווי אַ אַלטע יודענע.

**אסתר׳ל:** ניין, מאַמעשי, ס׳ראַכט זיך דיר נאָר אַזוי. כ׳בין נישט טרויעריג. גלאַט ס׳בענקט זיך מיר אָהן קינד.

**מירעלע:** אָבער...

(פון הינטערגרונד בעווייזט זיך מלכה-לאה מיט א בייזן פּנים).

**מלכה-לאה:** מחותנת׳טע! וואָס פאַר אַרט איז דאָס עפּיס? יעדער פרעגט אויף דער כלה, און די כלה זיצט דאָ בעהאַלטען. די געסט ווע׳לען זיך צוגעהן!

**מירעלע** (שפּרינגט אויף): שוין, שוין, מחותנת׳טע! מיר געהען שוין אַריין. (מלכה-לאה פערשווינדט) נו, שיינדעלע, ווי האַלטסט דו? מען מוז אריינגעהן. די מחותנת׳טע איז גערעכט: ס׳איז נישט אָרענטליך צולאָזען די געסט אַליין.

**שיינדעלע:** איך בין שוין פאַרטיג. נאָר נאָך דאָ צו פערשפּילעווען... שוין.

**מירעלע:** נו לאָמיר געהן.

(מירעלע און שרה׳לע געהען צום הינטערגרונד. שיינדעלע געהט נאָך און מאַכט גראַד ביי שרה׳לען די פאַלדען פון קלייד. קעהרט זיך דערנאָך צוריק, נעמט ס׳שפּיגעלע און פערריכט זיך די טואַלעט).

**מירעלע** (ווענדט זיך אום): נו, און איהר געהט נישט?

שיינדעלע: ניין, כ'מוז אַבליק אַריין געבען צום קינד. שוין באַלד צוויי שעה, ווי כ'האָב עס נישט געזעהן.

מירעלע (צו אסתר'לען): און דו?

אסתר'ל: כ'קאָן נישט דרינען זיין אין דער היץ. כ'בין עפּיס מיעד. כ'וועל אַביסעל זיין ביי שיינדעלע'ן.

מירעלע: ביי שיינדעלע'ן? גוט. (צו שיינדעלע'ן) מאַך זי דאָרט אַביסעל פרעהליכער. לערן זי אויס, ווי אַזוי מען לאַכט. (צו אסתר'לען) און דו זעה לערן דיך גוט, ווארען אז נישט, וועל איך... וועסט שוין זעהן.

(מירעלע און שרה'לע אָב, אסתר'ל בלייבט ווייטער זיצען אויף איהר אָרט. זי קוקט אַ ווײַלע, ווי מיט קנאה אויף שיינדעלע'ן, וועלכע איז כסדר פערנומען מיט איהר טואַלעט).

אסתר'ל: שיינדעלע, דו ביזט טאַקי בייז אויף מיר? גלויבסט טאַקי, אַז כ'האָב עס געטהאָן מיט'ן גוטען ווילען? גלויבסט, אַז כ'בין פלוצלונג אַזוי פרום געוואָרען און האָב געמיינט, אַז כ'טהו דאַמיט אַ מצוה?

שיינדעלע (דרעהט זיך האַסטיג אום צו איהר): דאָס פערדריסט דאָך מיך טאַקי! ווען כ'וואָלט געוואוסט, אַז דו ביזט ווירקליך פרום און גלויבסט אין אמת'ן, אַז מ'טאָהר נישט געהן אין די אייגענע האָר, וואָלט מיך גאָרנישט פערדראָסען. כ'וואָלט נאָר רחמנות געהאַט אויף דיר, וואָס דו ביזט אַזאַ נאַר אָדער העכסטענס וואָלט איך אויס דיר געלאַכט. כ'ווייס דאָך אָבער, אַז דו גלויבסט נישט אין אַזעלכע נאַרישקייטען און האָסט עס נאָר געטהון, ווייל דו האָסט דיך געוואָלט פערשטעלען פאַר אַפרום ווייבעל...

אסתר'ל: גלויבסט, אַז כ'האָב מיך געוואָלט פערשטעלען פאַר פרום?

שיינדעלע: נאָר וואָס דען? פאַרוואָס האָסט דו נישט געוואָלט געדענקען, אַז מיט דיין טהאַט ברענגסטו עמיצען שאָדען? פאַרוואָס האָסט דו דיר נישט איבערעלעגט, אַז אונזערע נשים צדקניות וועלען אין דעם זעהן אַ מופת פון הימעל און וועלען זיך נעמען מיט פרישע כחות צו יאָגען די אַלע, וואָס טראָגען נישט קיין פיגורעס? אַמאָל האָסט דו געפייערט, געליאַרעמט אויף די אַלע, וואָס זענען פריי געזאָגען און בעהאַלטען דאָס אין זיך. דו האָסט געזאָגט, אַז יעדער מענש, וואָס האָט פרייע מיינונגען דאַרף זיך אָפען לויט זיי צו

פּיהרען, כּדי אַנדערע זאָלען זיך אויף איהם פערקיקען — אין היינט, אַז דיר האָט געגוצט צו צו־חנפּנען זיך צו שוועהר און שוויגער...

אסתּר׳ל : וואָס ?

שיינדעלע : אַ שאָד, דו האָסט נישט געהערט, ווי דיין שוויגער האָט נעכטען פערצעהלט, אַז ביי דיר האָט מען געזעהן אַ אָפענע גאָט׳ס זאַך : דו ביזט געוועזען געפעהרליך קראַנק און אַזוי ווי דו האָסט נאָר אָבגעשוירען די האָר, איז געוואָרען, ווי מ׳וואָלט די קרענק מיט דער האַנד אַראָבגעשאַרט. האָסט געבראָכט צו זעהן, ווי שרה׳לעס מחותּנת׳טע האָט, הערענדיג דאָס, פערגלייזט די אויגען און האָט געקוקט אויף מיר מיט נקמה, ווי זי וואָלט וועלען זאָגען : וואַרט, ס׳וועט דיין צייט אויך קומען. (זי דרעהט זיך ביז אום צוריק צום שפּיגעל. נאָך אַ ווייַלע ווענדעט זי זיך ווידער צו אסתּר׳לען) און כ׳וועל דיר נאָך זאָגען : איך פערשטעה איבערהויפּט נישט, ווי אַזוי ס׳נעמט זיך ביי אַ מענש דאָס נאמנות אָבצושניידען אַזעלכע לאַנגע זיידענע האָר, ווי דייַגע זענען געוועזען. אַ מענש, וואָס קאָן דאָס טהון, מוז זיין, דאַכט זיך מיר, אַ שטיק מערדער, ער מוז גאָר קיין האַרץ נישט האָבען אין זיך. עס קומט מיר פאָר פונקט, ווי אַריינצוגעהן אין אַ שענעם גאָרטען און עקסטרא אַרומצודרעפּטשען און צוטרעטען אַלע בלומען. וואָס זאָג איך! דאָס איז נאָר ערגער! וואָרען די בלומען זענען לאָטש פרעמדע, וואַקסען פון דער ערד און זענען אַ פרעמדע זאַך — אין די האָר וואַקסען דאָך פון מענש, זענען אַ טייל פון איהם און טהוען איהם שטענדיג באַשענען — און דאָס זאָל מען קאָנען אָבשניידען ? ניין, אַזאַ מענש מוז זיין געמיין, גראָב...

(אסתּר׳לען גיסען זיך שטילע טרעהרען. שיינדעלע איז זעהר אויפגערעגט און בעמערקט דאָס נישט, נעמט ווידער ס׳שפּיגעלע, ענדיגט שנעל די טואַלעט און וויל אַרויסגעהן. דערזעהט אסתּר׳לס טרעהרען).

שיינדעלע : אסתּר׳ל ! דו וויינסט... (שטעהט אַ ווייַלע, נישט וויסענדיג וואָס צו טהון. זי לויפט צו, זעצט זיך נעבען אסתּר׳לען און נעמט זי אַרום)

כ׳האָב דיר אודאי געמאַכט קרענקונג מיט מיין רעדען... כ׳האָב דיך בעליידיגט... נו, וויין נישט... דו ווייסט דאָך, אַז כ׳האָב דאָס אַלעס געזאָגט נישט מחמת שנאה... וויין שוין נישט... כ׳בין אַ שלעכטע... שטענדיג, שטענדיג מוז איך אַזוי לאַנג רעדען ביז איך

בעלייִדיִג עמיִצען... דו ברויכסט דיִך גאָרניִשט פיִהלען בעלייִדיִגט פון מײַנע ווערטער; דו קאָנסט דאָך מיִך און ווייסט דאָך, אַז כ׳האָב שוין אַזאַ שלעכטע נאַטור צו רעדען אָהן איִבערלעגונג אַלץ, וואָס ס׳קומט מיִר איִן זיִנען אַרײַן. כ׳האָב מיִך אָפּט אַלײַן פײַנד פאַר דעם... נו, ווײַן שוין ניִשט... זאָג מיִר, אַז ס׳פערדריִסט דיִך ניִשט... לאַך דיִך אוים, וועל איִך וויִסען, אַז דו ביִזט ניִשט בייז... אוי, ווי אַ שלעכטע כ׳ביִן! דו גערהסט אַרום אַזוי טרויעריִג, מאַך איִך דיִר נאָך ענגמת נפש. נו, אסתר׳ל, זײַ שוין ניִשט בייז.!.

אסתר׳ל: כ׳ביִן ניִשט בייז... כ׳האָב ניִשט פאַרוואָס בייז צו זײַן. אַלץ, וואָס דו האָסט געזאָגט, וואָלט איִך, זײַענדיִג אויף דײַן אָרט, אויך געזאָגט דאָס זעלבע... און דאָך ביִן איִך ניִשט שולדיִג... ווען דו וואָלסט געוואוסט, ווי אַזוי דאָס איִז געשעהען, וואָלסט דו אַלײַן... באַלד צו מאָרגענס, נאָכ׳ן געליִנגען, האָב איִך געקריִע־גען אַ ביִסעל היִץ. דאָס האָט אַזוי געהאַלטען עטליִכע טעג און האָט מיִך זעהר אָבגעשוואַכט. און, ווען די היִץ האָט זיִך דערנאָך פלוצלונג אַ שטאַרקען הויב געגעבען, ביִן איִך גאַר אוים מענש געוואָרען און ביִן געלעגען ווי עפּיִס אַ שווערע מאַסע. ביים בעוואוסטזײַן ביִן איִך אפילו געוועזען, נאָר עפּיִס מאָרנע האָב איִך מיִך געפיִהלט. כ׳האָב אַלעס געהערט, פון יעדער זאַך געוואוסט און פערשטאַנען, נאָר אַלץ האָט ביי מיִר אויסגעזעהן, ווי עס וואָלט געוועזען עפּיִס ערגעץ גאַנץ ווייט פון מיִר. אַ מאָרנע אַפּאַטיע האָט מיִך איִנגאַנצען בעהערשט. כ׳האָב געהערט דאָס געוויין איִן דערנעבען שטוב, געזעהן, ווי די שוויגער שטעהט ביי מײַן בעט און ברעכט זיִך די הענד, כ׳האָב בע־מערקט מײַן מאַנ׳ס געשוואָלענע אויגען פון ווײנען — און דאָך ביִן איִך געוועזען רוהיִג. אַלץ האָט אויף מיִר געמאַכט אַ אײַנדרוק, ווי עס וואָלט זיִך האַנדלען ניִשט וועגען מײַן לעבען, נאָר וועגען לעבען פון עפּיִס אַ ווילד פרעמדען מיִנ״ש... יעדע זאַך, יעדער אײַנדרוק איִז איִן מײַן געדאַנק געוואָרען פערהיִלט איִן עפּיִס אַ מאָרנע נעפּעל פון פאַנ־טאַסטיִשע חלומות און ביִלדער, וועלכע האָבען מיִר אָהן אויפהער גע־ראַיעט איִן קאָפּ... כ׳גערענק, די שוויִגער האָט זיִך אַניִדערגעזעצט אויף מײַן בעט און האָט אָנגעהויבען מיִר געבען צו פערשטעהן, ווי אַ עבירה ס׳איִז צו טראָגען די אײגענע האָר; זי האָט מיִר געזאָגט,

אַז מיר ווײַבער האָבּען ווענינ מצוות, פּארדעם אָבער מוזען מיר זײַ שטרענג אָבהיטען, ווארען אַז נישט, ווערט מען באַלד בּעשטראָפט; זי האָט מיר פערזיכערט, אַז אין דעם זכות, וואָס כ׳וועל מיר לאָזען אָבשערען, וועל איך געהאָלפען ווערען... כ׳האָב אַלץ געהערט, אַלץ פערשטאַנען און בין דאָך געבליבען גלײַכגילטיג; כ׳האָב מיך גאָרנישט אָבגעשטעלט אויפ׳ן געדאַנק פון איהרע ווערטער און בין כסדר געוועזען פערטיפט אין די פאַנטאַסטישע בילדער, וואָס יעדעס איהר וואָרט האָט אַרויסגערופען אין מײַן בּרויזענדער פאַנטאַזיע... (פּויזע) כ׳האָב דערנאָך דערפיהלט אויפ׳ן קאָפּ אַ קאַלטעס אײַזען, כ׳האָב געהערט דאָס רוישען פון אַ שער...

שײַנדעלע (אויפגעבראַכט): ווי הייסט? דערמאָלט האָט זי דיר אָבגעשוי‑רען, ווען דו ביזט געוועזען אין אַזאַ צושטאַנד?

אסתר׳ל (נאָך אַ פּויזע): די שוויגער זאָגט, אַז כ׳האָב דערמאָלט געשמײַ‑כעלט, ווי אַ קינד... ס׳קאָן זײַן... ס׳איז מיר געוועזען אָנגענעהם צו פיהלען ס׳קאַלטע שער‑אײַזען אויף מײַן צוגליהטען קאָפּ; דאָס לײַכטע בּעריהרען מײַנע האָר האָט אין מײַן פאַנטאַזיע אַרויסגע‑רופען מאָדנע מילדע בּילדער און האָט מיך מילד ליעב אײַנגעשלע‑פערט... (זי בלײַבט שטיל פערטראַכט. בײַ שײַנדעלען שטעהען טרעהרען אין די אויגען. זי נעמט אסתר׳לען פעסט אַרום און גיט איהר שטיל אַ קוש. נאָך אַ לענגערע פּויזע) כ׳וואָלט שוין אַלץ פערליעב גענומען, ווען כ׳וואָלט כאָטש נישט געבּרויכט צו טראָגען דאָס שײַטעל... ס׳איז מיר אַזוי עקעל דאַפיר... אַז ווען כ׳וואָלט מיך נישט געשעמט, וואָלט איך בעסער אָנגעטהון אַ טיעפע קופּקע. ווער ווייסט פון סאַרא שמוציגען קאָפּ די האָר צום שײַטעל זענען גענומען? ס׳קאָן זײַן, אַז דער קאָפּ ליעגט איצט שוין ערגעץ און פוילט... (שײַנדעלע גיט אַ לײַכטען ציטער. זיי בלײַבען אַ ווײַלע זיצען שטיל, האַלטענדיג זיך אַרומגענומען).

שײַנדעלע (נאָך אַ פּויזע): אוי ווי שטאַרק מוזט דו לײַדען... איצט ווייס איך שוין, פאַרוואָס דו געהסט אַרום אַזוי צורודערט. און איך, שלעכטע, האָב דיר נאָך בייזע ווערטער געזאָגט, האָב דיך כסדר געשטעכעלירי. כ׳וועל מיר דאָס קיינמאָל נישט שענקען (פּויזע). (רעכטס בּעוויזט זיך ברוך‑ליב. דערזעהענדיג שײַנדעלען און אסתר׳לען, ציהט ער זיך צוריק).

שײַנדעלע: איהר האָט עפּיס געוואָלט, מחותן? איהר קאָנט אַרײַ־
גערן!

ברוך־ליב (שוין פון דערנעבען שטוב): ע, גאָרנישט.

שײַנדעלע (צו אסתר׳לען): קום בעסער אַרײַן צו מיר; דאָ קאָן נאָך
עמיץ בעמערקען, אַז דו האָסט געוויינט. (שטעלען זיך אויף)
מחותן! איהר קאָנט אַרײַנגעהן: מיר געהען שוין סאַ־ווי
אַוועק (ביידע אָב לינקס).

מלכה־לאה (בעווייזט זיך רעכטס, קוקט זיך אַרום): קום אַרײַן, ס׳איז שוין
קיינער נישט דאָ. (ס׳קומט אַרײַן ברוך־ליב) איך זאָג דיר נאָך
אַמאָל, אַז מ׳זעמיר נישט יוצא אונזער קינד דאָ איבערצולאָזען. ס׳וועט
דאָ פון איהם, חלילה, אַ תל ווערען: ס׳שלעכטע לערנט מען זיך גע־
שווינד.

ברוך־ליב: אָבער וואָס זאָגסט דו? רעד כאָטש אַ ביסעל שטילער,
ס׳קאָן נאָך עמיץ הערען. צו ווייסט דו, אַז דער מחותן
רעכענט זיך, אַלס דער שענסטער רב ביי אונז? ווען ער וואָלט נאָר
געוואָלט, וואָלט ער געהאַט אַ עולם פון טויזענדער חסידים — און
אפילו היינט פאָהרען אויך צו איהם גאַנץ שענע יודען, און דו האָסט
גאָר מורא איבערצולאָזען ביי איהם אונזער קינד! דו ווייסט דאָך
גאָרנישט, וואָס דו רעדסט.

מלכה־לאה: כ׳ווייס שוין גוט נישט, ער פערצעהלט מיר אַלץ פון
מחותן! איך ווייס אויך, וואָס דער מחותן איז! הלואי
לאָמיך די זכיה האָבען, אַז מיינע קינדער זאָלען מיר געראָטען כאָטש
אַ העלפט. אָבער וואָס קומט מיר אַרויס פון מחותן, אַז ס׳גאַנצע הויז
איז פערדאָרבען.

ברוך־ליב: ס׳גאַנצע הויז איז פערדאָרבען — וועמען האָסט דו דאָס
דאָ, וואָס איז פערדאָרבען? אַלץ די שײַנדעלע, דוד׳לס
ווייב?

מלכה־לאה: און אַז שײַנדעלע, איז וועניג?

ברוך־ליב: נו הכלל, פון דעם ווייסט דו דאָך שוין פון לאַנג; מען
האָט דאָך עס אונז פערצעהלט נאָך פאַר די תנאים.

מלכה־לאה: כ׳ווייס עס נישט פון לאַנג. פאַר די תנאים האָט מען
מיר געזאָגט, אַז זי געהט אין די האָר, האָב איך גע־

רעכֿענט, אַז זי איז גלאַט אַ הולטײַקע, און פון אַזעלכֿער לערנט זיך קײנער נישט אָן. דאָ האָב איך אָבער געװאָהר געװאָרען, אַז זי איז נאָך עפּיס ערגערס: זי איז אַ אַפּיקורס!

ברוך־ליב: אַ אפּיקורס גאָר? װאָס דיר פאַלט אײַן! אַ יודענע אַ אַפּיקורס — פון װאַנען װײַסט זי, אַ אשה, צו זײַן אַ אַפּיקורס?

מלכּה־לאה: הכּלל, דו װילסט מיר נישט גלויבען, פרעג דיך היגע מענשען, װעסט דו הערען. די שטאָדט װאָלט געגעבען ליכט אין שוהל אַרײַן, װען מען װאָלט זי פּטור געװאָרען פון היע — אַזאַ חורבה האָט זי אָנגעמאַכט. מ׳האָט מיר אָנפערצעהלט פון איהר זאַכען, אַז די האָר שטעלען זיך קאַפּויר. שטעל דיר פאָר, זי האָט צוזאַמענגענומען אַ גאַנצע באַנדע אַרום זיך און האָט געמאַכט אַ חברה ציוניסטען, נעמט צוזאַמען געלד און קויפט אַ זעלכע ביכלעך, װעלכע זי טײַלט בחנם צו לעזען... דו האָסט געדאָרפט צו הערען הײַנט אין דער־פריה, װי זי האָט מיר אין פּנים אויסגעלאַכט פון רבּיים, פון עין הרע׳ס, פון סגולות...

ברוך־ליב: אַזוי װײַט האַלט זי שוין? אָװאַ... אַ רחמנות דעם מחותן: ער מוז נעבעך אײף דער עלטער צו זעהן אַ זעלכע זאַכען. זעהסט דו, אַזוי איז, אַז די זרע, דער שטאַם איז נישט גוט. ס׳האָט זיך איהם פערגליסט צו נעמען אַ שנור פון פּראָסטע בעל־בּתי׳שע מענשען. אַ בת טובים װעט קײנמאָל נישט געהן אין אַ זעלכע װעגען, װײַל דער שורש, דער מקור איז גוט. כ׳פערשטעה נאָר נישט, װאָס דער מחותן שװײַגט אַזוי און לאָזט דאָס צו.

מלכּה־לאה: איך פערשטעה אויך נישט. כ׳גלויב, אַז ער װײַסט גאָר־נישט פון דעם אַלעם, אַ יוד, קײן עין הרע, אויף דער עלטער, זיצט שטענדיג פערמאַכט בײַ זיך אין שטיבעל — פון װאַנען זאָל ער װיסען, װאָס אין הויז טהוט זיך? װער װעט זיך דאָס אונטערשטעהן איהם אַ זעלכעס צו פערצעהלען? ער איז פערטהון אין לערנען, דאַװנען, פאַסטען, און זי מאַכט איהם דערװײַל אַ תּל פון גאַנצען הויז!

ברוך־ליב: אָבער די מחותנת׳טע? זי זעהט דאָך יאָ, װאָס ס׳טהוט זיך — פאַרװאָס שװײַגט זי? פאַרװאָס לאָזט זי אַזעלכע זאַכען אין איהר הויז?

מלכה-לאה: די מחותנת'טע קאָן איך עפּיס גאָרנישט פערשטעהן: זי איז אַ גאַנץ וואויל מענש. פרום, אָבגעהיטען, נאָר צו די קינדער האָט זי עפּיס אַזאַ מין שוואַכקייט, אַז זי וועט זיי קיינ-מאָל קיין בייז וואָרט נישט זאָגען. וואָס די קינדער טהוען, איז ריכ-טיג. און ווער שמועסט נאָך, אַז שיינדעלע זאָל אויף עפּיס זאָגען, אַז ס'איז גוט — דעמאָלט איז דאָך שוין קודש-קדשים. שיינדעלע איז ביי זיי אַ אָבגאָט. פון אויפשטעהן ביז'ן לעגען הערט מען נישט מעהר נאָר שיינדעלע. וואָס שיינדעלע זאָגט, איז קלוג; וואָס זי טהוט, איז גוט — אַלע קוקען נאָר איהר אין מויל אַריין. נו, קאָנסט שוין פערשטעהן ווי ס'זעהט דאָ אויס? דו ווייסט — אסתר'ל, די כלה'ס שוועסטער, איז אויך געגאַנגען אין די בלויזע האָר. דאָס האָב איך ערשט נעכטען געוואויער געוואָרען. זי איז אויך געגאַנגען מיט די קלאַקעס אין דרוי-סען; נאָר ערשט פאַר עטליכע וואָכען, ווען זי איז אין אַ קימפּעט געפעהרליך קראַנק געוואָרען, האָט זי זיי אָבגעשוירען. נאָר דאָס אַלץ איז גאָרנישט, כ'וואָלט מיר שוין נישט געמאַכט פון דעם אַלעם, ווען די כלה וואָלט נאָר...

ברוך-ליב: די כלה? וואָס? וואָס ווייסט דו פון איהר? געהט זי אויך אין אַזעלכע דרכים?

מלכה-לאה: דו ווייסט, זי האָט אַראָבגעוואָרפען ס'רעקטוך?

ברוך-ליב: וואָס?

מלכה-לאה: מיין זוהנ'ס כלה וויל נישט געהן אין רעקטוך? אונזער שנור אין פאַרשייטע קליידער? (לויפט איבער דער שטוב)

מאַ! גאָה זיי קלוג! כ'בין געוועזען גליקליך, ווען כ'האָב געהערט, אַז ר' העשעלע וויל זיך מיט מיר משדך זיין; כ'האָב גאָרנישט גע-וואוסט, ווי גאָט צו דאַנקען, וואָס ער האָט מיר געהאָלפען, אַז כ'קאָן אַריינגעבען מיין קינד אין אַזאַ יודיש הויז — מאַכט זיך גאַר אַזאַ מעשה. ווער האָט זיך געקאָנט רעכטען אויף אַזעלכעס! (בלייבט שטעהן ביי מלכה-לאה'ן) אָבער וואָס טהוט מען איצט? וואָס טהוט מען? איך זעה נישט קיין אַנדער עצה, אויסער...

מלכה-לאה: זיי נאָר רוהיג, רויש נישט: מען מוז געלאַסען קלע-רען עפּיס אַ עצה (געפיהרט פון יוחנן קומט אַריין ר' העשעלע. קיינער בעמערקט איהם נישט) צו דער כלה האָב איך נאָך

אַלעס גאָרנישט. ווען נישט שײַנדעלע, וואָלט זי געװעזען אַ גאַנץ גוט קינד. נאָר שײַנדעלע רעדט איהר איין דאָס אַלץ.

(הערעגדיג מלכה-לאה׳ס ווערטער, לאָזט ר׳ העשעלע אָב יוחנן׳ס האַנד און געהט שנעל צו. ברוך-ליב און מלכה-לאה קוקען זיך אום און, דערזעהענדיג ר׳ העשעלען, בלײַבען זיי שטעהן איבערראַשט).

ר׳ העשעלע: וואָס איז דאָס שוין סאַראַ נײַעס?

ברוך-ליב: אַ דער מחותן... מײַן... נײַן, ס׳איז גאָרנישט.

ר׳ העשעלע: כ׳האָב דאָך געהערט, די מחותנת׳טע האָט געזאָגט, אַז מײַן שײַנדעלע רעדט עפּיס איין דער כּלה? (ברוך-ליב שווייגט און פערלעגענהייט) מחותן! מײַנע אײניקלעך האָבען שוין נישט קיין טאַטען, און איך, זייער זיידע, מוז אויך זייער טאַטע זײַן. כ׳וויל וויסען, וואָס דאָ איז. פערצעהלט! רוקט זיך צו צום שטוהל. צו יוחנן) געה אַרײַן דרינען און מאַך צו די טהיר. (יוחנן אָב. ר׳ העשעלע זעצט זיך אויפ׳ן שטוהל) פערצעהלט, מחותן, נאָר אַלץ! כ׳וויל אַלץ וויסען.

ברוך-ליב (נישט דרייסט): מײַן בני-בית פערצעהלט מיר, אַז די כּלה פיהרט זיך אַ ביסעל... עפּיס נישט אַזוי... זי וויל נישט געהן אין דעקטוך...

ר׳ העשעלע: הע? און זי געהט מיט׳ן בלויזען קאָפּ?

מלכּה-לאה: זי האָט זיך איצט מכלומרשט אַרומגענומען מיט׳ן שלייער.

ברוך-ליב: דער אויסשטײַער איז פערשײַט, נישט יודיש...

מלכּה-לאה: און דוקא דאָס? כ׳האָב גענוג אַנדערע שענע זאַכען געזעהן, נאָר וואָס וועל איך געהן אויסרעכנען.

ר׳ העשעלע: און דאָס אַלץ האָט מען געוואָלט פון מיר מעלים זײַן?

ברוך-ליב: כ׳האָב נישט געוואָלט אײַך מצער זײַן, און נאָך איינס: איך אַליין האָב אויך ערשט איצט געוואָהר געוואָרען דאַפון. כ׳האָב זי שטענדיג געהאַלטען, די כּלה, פאַר אַ פשוט יודיש מיידעל. אַזאַ שטעלע — ווער וואָלט דאָס געגלויבט איידער איהר!

מלכּה-לאה: כ׳ווייס נישט, וואָס דו ווילסט פון דער כּלה. כ׳האָב דאָך דיר שוין געזאָגט: צו דער כּלה האָב איך גאָרנישט. הלואי וואָלט זי נאָר נישט געהאַט שײַנדעלע׳ן פאַר אַ רבי, וואָלט זי טאַקי געוועזען אַ פשוט יודיש ווײַבעל. וואָס קומט אָבער

אַרויס, אַז שײַנדעלע טרעט זי נישט אָב אויף קײַן רגע און פּאַקט אין איהר כסדר אַרײַן איהרע תּורות. און שרה'לע איז דאָך נאָך אַ קינד! וואָס ווייסט זי? זי מײַנט, אַז וואָס שײַנדעלע זאָגט, איז הייליג.

ר' העשעלע: פון וואַנען ווייסט איהר, אַז שײַנדעלע רעדט זי צו צו שלעכטס?

מלכּה־לאה: כ'זעה דאָך! אַזוי איז זי אַ אָרענטליך קינד, האָרכט אַלץ, וואָס מען זאָגט איהר, און, אַז זי קומט זיך נאָר צוזאַמען מיט שײַנדעלע'ן, ווערט זי ווי גאָר נישט די אײגענע. אַז זי זאָל אַראָבוואַרפען דאָס דעקטוך, האָט זי איהר אײַנגערעדט אין מײַן געגענוואַרט.

(שטילע פּויזע. ר' העשעלע קלאַפּט מיט'ן שטעקען אָן דער פּאָדלאָגע. ס'קומט אַרײַן יוחנן).

ר' העשעלע: יוחנן, שיק מיר אַרײַן מײַן טאַלטער. (יוחנן אָב. צו זיך) ווידער שײַנדעלע... האָט זי נאָך נישט פערגעסען איהרע אַלטע דרכים? האָב איך אין איהר אַ טעות געהאַט? (פּויזע)

מלכּה־לאה: כ'האָב בּאַלד געזאָגט, אַז דער מחותּן מוז נישט וויסען פון דעם אַלעם, וואָס ס'קומט פאָהר אין הויז; כ'האָב פערשטאַנען, אַז דער מחותּן וואָלט נישט געלאָזט געהן זײַן אייניקעל מיט די בּלויזע האָר...

ר' העשעלע (גיט זיך אַ כאַפּ אויף): וואָס? אין די בּלויזע האָר האָט איהר געזאָגט? האָט מען מיך אָבגענאַרט, פאָרגעזאָגט אַ ליגען? (ס'קומט אַרײַן מירעלע. ר' העשעלע לויפט איהר אַקעגען) האָסט מיך אָבגענאַרט? דו אויך? אײנס געמאַכט מיט איהר?

מירעלע (דערשראָקען): אָבער וואָס איז?

ר' העשעלע: וואָס ס'איז? דו האָסט מײַן גרויען קאָפּ מיט חרפּה בּעדעקט! דו האָסט מיר די קינדער פערדאָרבען — ס'גאַנצע הויז האָסט דו מיר פערדאָרבען! איך בּין אַ רב, פון מיר און פון מײַן הויז דאַרפען מענשען יודישקייט און צניעות צו לערנען, און דו האָסט מיר מײַן הויז איבּערפיהרט. הײַנט קאָן מען פון מײַן הויז

פּריִצות און אויסגעלאַסענקייט לערנען, נישט קיין צניעות! אַז איך האָב ג׳וואָלט דאָס פייער באַלד אין אָנהויב דערשטיקען, געוואָלט שיינדעל׳ן באַלד נאָך דער חתונה אַרויסיאָגען פון דאַנען, האָסט דו מיך אָבג׳ ערט, געזאָגט, אַז זי האָט שוין הרטה בעקומען און האָט אָנגעטהון אַ שייטעל — איצט האָט זיך דאָס פייער צופלאַקערט: ביי מיר האָט עס מיין יאָנגסט קינד אַוועקגערויבט, זי האָט שרה׳לען פון וועג אַראָבגעפיהרט, און ווער ווייסט, וואָס סאַראַ חורבות זי האָט אין שטאָדט געמאַכט? ווער ווייסט, וויפיעל יודען ס׳־אָבען זיך פערקוקט אויפ׳ן רב׳ס הויז? און דעם רב׳ס הויז איז דאָך הפקר! הפקר האָסט דו מיין הויז געמאַכט! וואָס איינער וויל, טהוט ער! אָבער צו בין איך שוין נישט קיין בעל־הבית דאָ? האָב איך שוין גאָר קיין דעה? זאָג! איך בין שוין גאָרנישט? זאָג! (ער קאָן זיך נישט דערהאַלטען אויף די פיס און הויבט אָן זיך וואַקלען. אַלע לויפען צו, מירעלע פיהרט איהם צו צו אַ שטוהל, ער זעצט זיך אַנידער. אַ ווײַלע זיצט ער שטיל, אָטהעמענדיג שווער. שטיל צו זיך) יאָ, איך בין שוין גאָרנישט; יעדער מעג שוין דאָ טהון, וואָס ער וויל... פאַר׳ן אַלטען טאַטען איז גענוג עפּעס אַ אויסגעקלערטער ליגען: דער אַלטער טאַטע איז שוין גאָרנישט... (פּויזע) ווער ווייסט, וויפיעל מענשען ס׳האָבען זיך פערקוקט אויף איהר, וויפיעל יודישע קינדער ס׳זענען נעבעך בשוגג אַריינגעפאַלען... וואָס זאָלען זיי וויסען? אַז דעם רב׳ס קינדער מעגען... מיך האָט מען בעהאַנדעלט מיט ליגען. מיר, אַ טאַטען, האָט מען ליגען געזאָגט...

מירעלע (ציטערענדיג פאַר שרעק): און וואָס דען האָב איך געקאָנט טהון? דו האָסט נישט אַנדערש געוואָלט, נאָר זיי זאָלען זיך ג׳ט׳ן, און דוד׳ל האָט זיך געבעטען, געוויינט, געזאָגט, אַז ער וועט זיך דערטרינקען, אויב מען וועט איהם שיידען... פון שיינדעלען... וואָס האָב איך געזאָלט טהון? האָב איך געזאָלט מיין דוד׳ל, מיין איינציגען זוהן אונגליקליך מאַכען? און זי, שיינדעלע, איז דאָך אַזאַ וואויל ווייבעל, זי איז דאָך אַזוי גוט צו דוד׳לען...

ר׳ העשעלע (נאָך אַ לענגערע פּויזע, צו זיך): געדענקט, כ׳האָב פערדיענט די שטראָף: כ׳בין געוועזען אַ מטיל אימה יתירה בתוך ביתי — כ׳האָב געהייסען ג׳ט׳ן... אַנשטאָדט דאָס פערבלאָנדזעטע שעפעלע צוריק אויפ׳ן וועג אַרויפצופיהרען, האָב איך

געוואַלט עס אינגאַנצען דעריאָגען . . . נאָר מיט השם יתברך׳ס הילף וועל איך עס נאָך מתקן זיין... דערמאָלט האָב איך זי געוואָלט פער־יאָגען, ווי אַ איבעריג, פון דער פרעמד אָנגעקומען, שעפסעל — היינט וועל איך זי שטראָפען, ווי אַ היימישעס, ווי אַ אייגענס... (שטעלט זיך אויף) ווי אַ אייגען קינד וועל איך זי שטראָפען . . . (ער לאָזט זיך געהן צו דער טהיר לינקס).

מירעלע (פערשטעלט איהם דעם וועג) : טאַטעשי, געה נישט... האָב רחמנות אויף איהר, זי איז דאָך נאָך אַ יונג קינד : זי וועט נאָך אַנדערש ווערען . . . דו אַליין האָסט דאָך זי די לעצטע צייט אַזוי האַלט און האָסט געזאָגט, אַז זי האָט אַ רעכט יודיש האַרץ . . . וועסט זעהן, זי וועט זיך אַליין איבערערלגנען . . . געה נישט, טאַטעשי, מאַך איהר נישט קיין קרענקונג . . . זי איז דאָך שוין אונזער קינד, די מוּטער פון מיין דוד׳לס יאָסעלע . . .

ר׳ העשעלע (וויינט, אָבער פעסט) : יודענע ! דו האָסט דיך ליעב, נישט די קינדער . ווער ס׳האָט ליעב זיין קינד, דער שטראָפט עס, חאָטש דאָס שטראָפען טהוט איהם אַליין צוממערסטען וועה . (מירעלע פערדעקט זיך ס׳פּנים מיט די הענד און וויינט שטיל . ר׳ העשעלע קוקט אויף איהר אַ ווייַלע מיט רחמנות, דערנאָך גיט ער זיך אַ האַפּ) ניין, ס׳טאָהר נישט : איך בין אַ רב, דער טאַטע פון דער גאַנצער שטאָדט, ממני ילמדו, איך מוז ווייזען, אַז מען טאָהר נישט אַזוי (אָב לינקס).

מירעלע (נאָכלויפענדיג) : טאַטעשי, געה נישט . . . איך וועל מיט איהר שמועסען . . . וואַרט חאָטש ביז מאָרגען . . . פייערשטער אונז נישט די שמחה . . . טאַטעשי . . .

פאָרהאַנג.



# צווייטער אַקט.

סצענע: אַ שטוּב בײַ שײַנדעלע'ן אין וואוינונג, אין הינטערגרונד אַ טהיר אין קיך אַרײַן. רעכטס אַ שלאָף-צימער, לינקס צוויי פענסטער בעשטעלט מיט פיעל בלומען. מעבלירונג: אַ טיש מיט שטולען, אַ גרויסער שפּיגעל, אַ קרעדענס-שאַנק, אַ אָטאָמאַן א. ז. וו. איבער דעם אָטאָמאַן און פון ביידע זײַטען שפּיגעל הענגען בילדער, ס'רוב יודישע. שײַנדעל אין דערזעלבער קליידונג, וואָס אין ערשטען אַקט, בעגיסט די בלומען, ריינינט זיי פון שטויב און זינגט דאַבײַ שטיל עפּיס אַ יודיש ליעדעל. דוד'ל אין אַ זײַדענער קאַפּאָטע, אין סאַמעט היטעל, קומט אַרײַן פון קיך.

שײַנדעלע (נישט איבערראַשענדיג איהר בעשעפטיגונג): זעה נאָר, ווי טרוקען ד בלומען זענען, כ'האָב פערגעסען אין דער-פריה זיי צו בעגיסען, און זיי האָבען געמוזט אַזאַ גאַנצען טאָג ליידען דורשט. ווי מאַט און שוואַך די בלעטלעך הענגען, נעבעך, אַראָב... פּונקט ווי נאָך עפּיס אַ שווערען תענית.

דוד'ל: און וואָס מיינסט דו? ס'איז דען נישט אַ שווערער תענית? (געהט צו צום צווייטען פענסטער) דערמאָן דיר נאָר, סאַראַ היץ היינט איז געוועזען (בעטראַכט די בלומען) ווי איינגעדאַרט אַלץ איז...

שײַנדעלע: קום נאָר אַהער, וועסט זעהן, ווי שנעל ס'שלינגט אײַן די ערשטע ביסלעך וואַסער, וואָס כ'גיס אַרויף (דוד'ל געהט צו, זי גיסט אַ ביסעל וואַסער) זעהסט, ווי שנעל ס'האָט אײַנגעשלונגען? זעהסט, סאַראַ לעכעלעך ס'זענען געבליבען פון אויבען? שטענדיג, ווען כ'זעה דאָס, דאַכט זיך מיר — נאָר זאָלסט נישט לאַכען פון מיר — אַז די לעכעלעך זענען פּיסקעלעך, וואָס בעטען זיך: „נאָך אַ ביסעלע,

נאָך אַ ביסעלע" (גיסט) נו, נאַט אײַך, כ'וועל אײַך ניִשט קאַרגען. נאַט אײַך נאָך. (גיסט)

דוד'ל: דו ווײַסט, כ'וועל דיך שטעלען צווישען די בלומען, וועסט דו אפשר אויף מיר אויך רחמנות האָבען און מיר עפּיס געבען:

שײַנדעלע: וואָס? ס'דורשט דיך?

דוד'ל: נײַן, מיך הונגערט.

שײַנדעלע: ס'הונגערט מיך אויך. כ'בין אַ גאַנצען טאָג אַזוי פערנומען געוועזען, אַז כ'האָב גאָרניִשט געדענקט, אַז כ'דאַרף צו עסען. נאָר וואַרט, מיר זעמיר גרויסע, שטאַרקע בלומען, און ס'שאַדט ניִשט, אַז מ'וואַרט נאָך אַ ביסעל. זיי זענען, נעבעך, קלײנינקע, שוואַכינקע און האָבען ניִשט קײן כח לענגער צו וואַרטען. חוץ דעם זענען זיי שענער פון אונז און האָבען דאַריבער פערצוג... און ווי האַלט עפּיס דרינען?

דוד'ל: די שמשים רוימען צו און מאַכען גרייט צום טיש.

שײַנדעלע: אַז אַזוי וועט מען דאָך אודאי באַלד געהן צום טיש?

דוד'ל: נײַן, דאַכט זיך מיר, אַז ס'וועט נאָך לאַנג דויערען: דער זיידע האָט זיך עפּיס פערמאַכט אין זײַן שטיבעל.

שײַנדעלע (איבערגעריסט איהר בעשעפטיגונג בײַ די בלומען): ער האָט זיך גאָר פערמאַכט? הײַנט, ווען ס'איז אַ חתונה אין שטוב? ס'איז דאָך ניִשט זײַן נאַטור! שטענדיג אויף אַ קינד'ס שמחה פיהרט ער זיך דאָך אַזוי אײַנפאַך... וואָס קאָן דאָס זײַן?

דוד'ל: ס'איז מיר אויך אַ חידוש. פאַר דער חופּה בין איך בײַ איהם דרינען געוועזען, האָט ער זיך אָנגעטהון די שבת'דיגע מלבושים און איז אַרויסגעגאַנגען אין בית-דין שטוב: פון דאָרטען האָט ער געוואָלט צוזאַמען מיט די מחותּנים אַהין געהן צום חתן צום באַזינגען. נאָר ניִשט לאַנג דערנאָך איז ער צוריק געקומען, האָט געהייסען אַלע אַרויסגעהן און האָט זיך פערמאַכט. ווען די מאַמעשי האָט דערנאָך אָנגעקלאַפּט, אַז מען געהט צו דער חופּה, איז ער אַרויסגעקומען. אָבער באַלד נאָך דער חופּה האָט ער זיך ווידער פערמאַכט. די מאַמעשי זאָגט, אַז ס'איז גלאַט, ווײַל ער איז מיעד.

שײַנדעלע: ס'קאָן זײַן. בײַ אַ חתונה, ס'איז אַ גערויש, אַ געפּילדער — דאָס האָט איהם געקאָנט שאַדען: ער איז דאָך אַ אַלטער

מאַן. (זי נעמט זיך צוריק צו די בלומען) זעה נאָר, דוד׳ל, דער אַלעאַנדער בליהט. זעהסט דאָ אַ קליין פּאָנטשקעלע? אָ דאָ? ס׳וועט שוין בליהען: האָמיר שוין פינף פּיירקעס, וואָס בליהען. וועסט זעהן, ווי שעהן דאָ וועט זיין נאָך אין אַ צוויי וואָכען, ווען ס׳בליהעכץ וועט זיך גוט ענטוויקלען... דו ווייסט, די מחותנת׳טע האָט מיר נעכטען געזאָגט, אַז כ׳דאַרף נישט האַלטען קיין בלומען. ס׳איז, זאָגט זי, נישט יוהדישלעך.

דוד׳ל: וואָס? ס׳איז נישט יודיש צו האַלטען בלומען? וואו האָט זי דאָס געזעהן אַזאַ דין?

שיינדעלע: ס׳איז מיר נישט קיין חילק, צו זי האָט ערגעץ געזעהן אַזאַ דין אָדער נישט? מיך אינטערעסירט נאָר דאָס, אַז ס׳קאָן טרעפען אַ מענש, וואָס וויל אין אַלעם נאָר זעהן יודישעס. וואָס דו זאָלסט נישט פּרובען איהר צו ווייזען אָדער צו זאָגען, וועט זי קיינמאָל נישט זאָגען, אַז ס׳איז שעהן אָדער נישט שעהן, גוט אָדער שלעכט, נאָר שטענדיג וועט זי דיר זאָגען אויב ס׳איז יודיש. ביי איהר איז די גאַנצע וועלט איינגעטיילט אין צוויי טיילען: איין גאַנץ גרויסער טייל נישט יודיש און אַ צווייטער טייל, גאָר אַ קליינער—יודיש. און אַ מאָדנע בעגריף האָט זי וועגען יודיש: אַלעס, וואָס איז נאָר יונג און שעהן, אַלעס, וואָס לעבט און לאַכט, איז ביי איהר נישט יודיש. בלומען זענען נישט יודיש, שעהן זיך אָנטהון—נישט יודיש, לאַכען, רעדען, שטיפען—נישט יודיש—אַ אונסימפּאַטיש מענש. און דו ווייסט? אַזוי ווי זי איז אונסימפּאַטיש, אַזוי איז איהר זוהן, דער חתן, פּונקט פערקעהרט. כ׳האָב דאָך נאָך נישט גערעדט מיט׳ן, נאָר שוין בלויז פון אָנזעהן געפעלט ער מיר: ער האָט אַ שעהן לעבעדיג פּנים מיט אַ פּאָר גוטע קלוגע אויגען. דו האָסט עפּיס בעאָבאַכטעט ביי דער חופּה, ווען ער איז געשטאַנען נעבען שרה׳לען? ביידע האָבען זיי אויסגעזעהן אַזוי יונג און פריש, אַז ס׳איז געוועזען אַ פערגניגען צו קוקען. אַ זעלטען שעהן געפּאַסט פּאָר־פּאָלק. וואָס, ניין?

דוד׳ל: כ׳ווייס... דאַכט זיך מיר, אַז ער איז פּאַר שרה׳לען נישט זעהר געפּאַסט. עס איז טאַקי אַ בע׳חנ׳טער יונגערמאַן און קאָן גוט לערנען—שרה׳לע האָט אָבער נעבראָוכט נישט אַזאַ מאַן. ס׳גאַנצע בית-המדרש איז אויפ׳ן אויסגעגאָסען. ס׳רעדען, ס׳לאַכען,

דיִ תנועות זיַינעָ, אלץ איִז בית־המדרש׳דיִג, און חוץ פון דעָר גמרא איִז נִישטאָ פון וואָס מיִט׳ן צו רעַדעָן.

שיַינדעָלעָ: דאָס איִז אמת... נאָר ס׳שאַדט נִישט: עָר וועָט שוין ביַי איִהר אַנדעָרש ווערעָן, אַביִ זיִ האָט איִהם נאָר ליִעב.

דוד׳ל: פון וואַנעָן ווייסטו דעָן, אַז זיִ האָט איִהם ליִעב?

שיַינדעָלעָ: דאָס טאָהר מעָן נִישט אויס־זאָגעָן, ס׳איִז מיַין סוד. זיִ האָט איִהם ליִעב און זיִ וועָט איִהם שוין איִבעָראַרבּייטעָן. אַז עָר האָט נאָר אַ גמרא־קעָפּעָל, וועָט עָר שוין ווערעָן ביַי שרה׳לעָן אַ מעָנש.

דוד׳ל: נִישט אַזוֹי שנעָל ווערט מעָן אַ מעָנש.

שיַינדעָלעָ (עָנדיִגט מיִט דיִ בלומעָן און נעָמט זיִך גריַיטעָן צום טיִש): טאַקיִ? און דו, וואָס ביִזט געָוועָזעָן צו דעָר חתונה? נִישט קיין פעָר׳בטל׳ט בית־המדרש יונגעָל?

דוד׳ל: איִך בּיִן עָפּיִס אַנדעָרש: איִך האָב בעָקומעָן שיַינדעָלעָ, דיִ אויפגעָקלעָרטעָ, פאַר אַ לעָהרעָריִן.

שיַינדעָלעָ: און עָר בעָקומט וויִדעָר שרה׳לעָ, דיִ אויפגעָקלעָהרטעָ, פאַר אַ לעָהרעָריִן.

דוד׳ל: יאָ, שרה׳לעָן, אָבעָר נִישט דיִ איַינגעָשפּאַרטעָ שיַינדעָלעָ מיִט איִהר מאַנסבּיִליִש קעָפּעָלעָ.

שיַינדעָלעָ (שטעָלט זיִך אָב): אַזוֹי? אַזוֹי שטאַרק האַלטסטו פון מיַין קאָפּ, אַז דו קרויִנסט איִהם אַזש מיִט׳ן טיִטול „מאַנסבּיִליִשעָר״? כ׳האָב דאָס גאָרנִישט געָוואוסט.

דוד׳ל: נו, און איִצט, אַז דו ווייסט עָס, וועָסט דו עָרשט אויף ס׳ניַי קריִעגעָן חוצפּה?

שיַינדעָלעָ: און וואָס זאָגסט דו? מעָג נִישט אַ צרה׳דיִגעָ, זיִנדיִגעָ יודעָנעָ קריִעגעָן חוצפּה, ווען זיִ האָט דיִ זכיה צו געָהעָרעָן צו ר׳ דוד׳ל דעָם וואוילעָרנעָר, דעָם רבי ר׳ העָשעָלעָס אַ איַיניִקעָל, אַז זיִ האָט אַ מאַנסבּיִליִשעָן קאָפּ?

דוד׳ל: אַז דו לאַכסט פון מיִר, וויִל איִך שוין גאָרנִישט מיִט דיִר רעַדעָן. כ׳וועָל בּעָסעָר עָסעָן, ס׳הונגעָרט מיִך. (זעָצט זיִך צום טיִש).

שיַינדעָלעָ: אַז דו פעָרשטעַהסט כאָטש, אַז כ׳לאַך פון דיִר... דו האָסט אַזאַ זאָג אַוועָקגעָגעָבעָן „מאַנסבּיִליִשעָר קאָפּ״, פונקט

ווי די מענער וואָלטען געוועזען עפּעס אַנדערע העכערע בעשעפּעניששען פון אונז ווייבער און ווי אייערע קעפּ וואָלטען געוועזען בעסערע און געזונדטערע, (זי זעצט זיך צום טיש. דוד׳ל נעמט עפּיס צו עסען, זי, דערלאַנגט איהם א שטיק טאָרט) עס בעסער דאָס.

דוד׳ל: ניין, עס דו, דו ביסט דאָך אַ נאַשער.

שיינדעלע: עס, עס, ס׳איז דאָ פאַר מיר אויך. (זי שטעהט אויף, געהט צום פענסטער און קוקט ארויס) כ׳וויים גאָרנישט, וואָס די דיענסט זיצט עפּעס אַזוי לאַנג מיט׳ן קינד אין וואַלד...

דוד׳ל: און וואָס איז דען, אַז זי זיצט מיט׳ן אַ ביסעל לענגער? די לופט איז דאָך אַזוי וואַרים.

שיינדעלע (זעצט זיך צוריק צום טיש): און אַזוי, ווי זעהט ער אויס, דער חתן? דו האָסט דאָך גערעדט מיט׳ן, זעהט ער אויס צופריעדען?

דוד׳ל: יאָ, ער זעהט אויס זעהר צופריעדען, ס׳לאַכט אַלץ אין איהם.

שיינדעלע: זעהסט? און דו זאָגסט, אַז ער איז אַ בטלן!

דוד׳ל: אַז ער איז אויפגערוימט און לאַכט, איז ער שוין נישט קיין בטלן!

שיינדעלע: אַודאי! ווען ער וואָלט געוועזען אַזאַ בטלן, ווי דו זאָגסט, וואָלט ער נישט צופריעדען געוועזען און נישט געלאַכט, בעקומענדיג אַ נישט פרום ווייב. אַז ער איז צופריעדען, איז אַ סמן, אַז ער וויל דאָס. מעהר לייט אַלס דו. געדענקסט, ווי דו ביזט נאָך דער התונה אַרומגעגאַנגען אָהן קאָפּ און וויפיעל מאָל דו האָסט געוויינט און געבעטען, אַז כ׳זאָל צוליעב טהון און אָנטהון אַ שייטעל?

דוד׳ל: דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז כ׳האָב דאָס געטהון נישט וויל כ׳האָב טאַקי געמיינט, אַז מ׳טאָהר נישט אַנדערש, גלאַט כ׳האָב נישט געוואָלט, אַז אַ גאַנצע שטאָדט זאָל האָבען צו רעדען.

שיינדעלע: אַהאַ, דער מאַמעס זוהן! וויל מיט יעדערן גוט זיין, אַלע צופריעדענשטעלען, כדי די שטאָדט זאָל נישט האָבען צו רעדען, האָסטו געוואָלט אָפּפערען מיין קאָפּ האָר? (געהט צום פענסטער, קוקט ארויס און זעצט זיך צוריק צום טיש)

דוד׳ל: דו מיינסט, אַז ס׳איז גרינג צו געהן געגען אַ גאַנצע שטאָדט? דו ווייסט גאָרנישט, וואָס דאָס איז צו זעהן שטענדיג אַרום

זיך שטעלענדע בליקען — ווארום די גאנצע שטאדט זענען דאך מיר דעמאלט געוועזען שונאים!

שיינדעלע: כ׳פערשטעה דאס נישט. וואס האסט דו געברויכט דיר צו מאכען פון דעם, וואס עמיץ איז דארט בייז אויף דיר?

די אלע מענשען זענען דאך דיר פרעמד, דו האסט מיט זיי קיין שום געשעפטען, דו דענקסט אנדערש ווי זיי, לעבסט אנדערש ווי זיי — וואס קאן דיך ארען, אז אזעלכע ווילד פרעמדע מענשען קוקען בייז? קוים האסט דו נאר געוואוסט ביי דיר, אז דו טהוסט גוט, האסט דיך וועגען זיי נישט געברויכט צו קימערען. נאר דאס אלץ איז, ווייל דו האסט אזוי וועניג ענערגיע. א קינד זאל אויף דיר קרום קוקען, פאלסט דו שוין איבער די הענד. דו ווייסט — כ׳ווער א סך מאל אזש בייז אויף דיר. וואס איז דאס, אז א מענש, ווי דו, זאל נישט האבען קיין פולען ווילען? איבער א קרומען בליק ביזט דו גרייט זיך אבצו־זאגען פון כ׳ווייס וואס. דו ביזט א הייסער ציוניסט און זאגסט, אז ווען דו זאלסט נאר וויסען, אז ס׳וועט עפּיס העלפען, וואלסט דו מיט פערגניגען אוועקגעגעבען דארויף אלעס, וואס דו פערמאגסט — און כ׳קאן דאך דיך און ווייס, אז דו מיינסט עס ערנסט — און דאך, טא־מער הייבט מען נאר אן עפּיס צו רעדען אין שטאדט, ווערסט דו באלד אוים מענש און וואלסט שוין גערן געוואלט, אז מ׳זאלמיר אלץ אוועקווארפען. דו זאגסט עס מיר נישט קיינמאל, ווייל דו שעהמסט דיך, אבער איך לייען עס יעדעס מאל אראב פון דיין פנים.

דוד׳ל: הכלל, וואס זאל איך טהון, אז כ׳בין שוין אזוי?

שיינדעלע: ווי הייסט, דו ביזט שוין אזוי? אבער דו ווייסט, אז דאס טויג נישט, דארפסט דו זעהן, דו זאלסט דיך איבער־ארבייטען. זעה נאר, איך בין נאר א יודענע, האב נישט געהאט די זכיה צו געהערען צום געקרייינטען מין מאנסבילען און דאך בין איך פעסט. דערמאן דיך נאר, וואס איך האב געהאט אויסצושטעהן דע־מאלט נאך דער חתונה: די עלטערן מיינע האבען מיך געוואלט פאט־שען און זענען אוועקגעפאהרען ברוגז, נישט געזעגענדיג זיך מיט מיר, דער אלטער שווער, דער זיידע דיינער, האט מיך געסטראשעט מיט א גט; די שוועסטערן דיינע זענען נאך דעמאלט געוועזען פרום און זענען אויך געגאנגען פון מיר פון דערוויטענס, און איך האב מיך

אַרומגעדרעהט, ווי אַ שאָטען אָן דער וואַנד, נישט האָבענדיג קיינעם אויסער דיך און דיין מוטער; אויף דער גאַס האָט מען מיר נאָכגעטייט מיט די פינגער, אין שוהל ביים דאַוונען האָבען זיך אַלע אָבגערוקט פון מיר, — און איך האָב אויף דעם אַלעם נישט געקוקט און האָב מיינס אויסגעפיהרט.

דוד'ל: דו ביזט טאַקי...

שיינדעלע (איבערהאַקט איהם): און דערנאָך, ווען כ'בין געגאַנגען גריני־ דען דעם ציוניסטען־פעראיין מיט דער ביבליאָטעק? דעמאָלט האָט דאָך טאַקי די גאַנצע שטאָדט געקאָכט! דו האָסט געזאָגט אַז מ'וועט מיך פערשטיינען, און איך אַליין האָב אויך געמיינט, אַז ווער ווייסט, סאַרא סקאַנדאַלען ס'וועלען זיין — און דאָך זעהסט, מ'האָט מיר שוין היינט העכער פיערציג מיטגליעדער. און אפילו היינט יאָגט מען מיך ווענינג אַרום? וויפיעל מאָל קומט מיר נאָך היינט אויס, זיצענדיג אין שוהל, צוהערען, ווי הינטער מיר שעלט מען מיך?

דוד'ל: דו ביזט טאַקי אַ אויסנאַהם. פאַר דאָס רופען מיך דאָך דיך די איינגעשפּאַרטע שיינדעלע.

שיינדעלע: ס'איז נישט אמת: כ'בין גאָרנישט קיין אויסנאַהם. די אַלע, וואָס זענען צוגעשטאַנען צו אונזער פעראיין, ליידען נישט ווענינגער, אַלס איך, און דאָך האַלטען זיי זיך פעסט, קעמפפען פאַר זייער אידעען.

דוד'ל: יאָ, זיי האַלטען זיך פעסט אַזוי לאַנג, ווי זיי האָבען דיך, אַז דו זאָלסט זיי אַלע מינוט אויפמונטערן. אסתר'ל איז אויך געוועזען פעסט אַזוי לאַנג, ווי זי איז היע געוועזען, און היינט טראָגט זי אַ שויט ביז אין די אויגען.

שיינדעלע: אסתר'לען לאָז געהן, זי איז דיזעלבע, וואָס געוועזען. איהר'ס איז נאָר אַ רחמנות... דן ווייסט? מ'האָט איהר אָבגעשוירען די האָר, ווען זי האָט געהאַט היץ און האָט גאָרנישט...

(ס'קומען אַריין לאה'לע, גוטשיא און חנה'לע).

אַלע: גוט נ'אָבענד!

לאה'לע: אַזוי! זי זיצט זיך דאָ מיט'ן מאַן און עסען, און מיר דרעהען זיך אַרום און האָבען נישט, וואו צו זיין.

שיינדעלע: גוט נ'אבענד, גוט יאהר! זעצט אייך. גאנץ גוט, וואס איהר זענט אריינגעקומען: ס'וועט א ביסעל היימליך זיין.
גוטשיא: אודאי! דו וועסט דיר זיצען און עסען, און מיר וועלען דיר מאכען היימליך?
שיינדעלע: גערעכט, ס'איז טאקי נישט קיין יושר אזוי. כ'וועל אייך דעריבער עפעס פארשלאגען: עסט מיט.
גוטשיא: א, ניין, א דאנק. מיר וועלען נישט עסען. זאג אונז בעסער, וואס מ'זאל מיר טהון, ס'זאל נישט זיין אזוי לאנגוויילינ. דו ווייסט, מיר דרעהען זיך ארום שוין אפשר א שעה, נישט האבענדיג, וואו צו זיין. דרינען זענען אנגעשטעלט טישען מיט בענק, און די שמשים פארען זיך ארום זיי, די מחותנים זענען דרינען ביי חתן כלה, און מיר דרעהען זיך ארום און גענעצען.
שיינדעלע: פארוואס זענט איהר דען נישט באלד דא אריינגעקומען? איהר ווייסט דאך, אז איך בין א גוטיטשקע און וואלט אייך אריינגעלאזט.
לאה'לע: טאקי א גוטע.
גוטשיא: איך האב טאקי באלד געזאגט, מ'זאל מיר דא אריינגעהן... איבערהויפט האמיר דאך דא מענער געזעלשאפט, דוד'ל איז א גאנץ פיינער קאוואליער.
דוד'ל: אבער געדענק אן גאט! איך איינער ביי אזוי פיעל דאמען? כ'בין דאך נישט זיכער מיט'ן לעבען!
שיינדעלע: האב נישט מורא, דוד'ל: זי האט דאך נאר א שפאס געמאכט. פערשטעהסט דו דען נישט אליין, אז פאר גוטשיא'ן פאסט נישט א קאוואליער אין א ניידענער קאפאטע מיט א סאמעט היטעל? זי איז דאך עפעס אונזער פאלקע! זי הייסט שוין נישט גיטעל, נאר גוטשיא! דו הערסט? גוטשיא הייסט זי!
גוטשיא: טשעפע נישט, שיינדעלע, ווארען אז נישט, וועל איך דיר צו דיין נאמען אויך צוזעצען א פאלנישע ענדונג.
שיינדעלע: דו קאנסט דאס נישט טהון. ווי וועסט דו מיך רופען? שיינדרשיא? ס'זאגט זיך עפים נישט שעהן.
גוטשיא: כ'וועל דיך רופען סאלאמעא.
שיינדעלע: סאלאמעא? דאס קלינגט שוין ווי א גאנץ אנדערער נא-

מען. ווי פיל איך ווייס, געהט נאָך נישט דיין אַסימילאַטאָרישע טהעַ־טיגקייט אויף אַזוי וויט. זעהסט, כ'האָב נישט וואָס מורא צו האָבען פאַר דיר.

לאה'לע: מ'ברויך גוטשיאַ'ן צו בעשטראָפען, ווייל זי האָט געזאָגט, אַז זי וועט אונזער ציוניסטישע פיהרערין רופען מיט אַ נישט יודישען נאָמען.

אַלע: יאָ, יאָ, מ'מוז זי בעשטראָפען.

לאה'לע: אַלזאָ, מען מאַכט אַ זיצונג, כדי צו בעקלעהרען, וואָס פאַר אַ שטראָף ס'קומט איהר. דוד'ל, אונזער איינציגער קאַוואַ־ליער, וועט זיין פאָרזיצענדער.

דוד'ל: ניין, איך וועל זיין דער בעשולדיגער: זי האָט מיין נאָמען בעליידיגט.

לאה'לע: גוט, וועל איך זיין פאָרזיצענדע. דער בעשולדיגער האָט דאָס וואָרט!

דוד'ל (מיט אַ שמייכעל צו גוטשיאַ'ן): וואָרט, איך וועל דיר דאָ אַריינלע־גען. (צו אַלע) געעהרטע ריכטער! דער פערברעכען, וועלכען די בעשולדיגטע איז בעגאַנגען, איז זעהר גרויס, און די שטראָף מוז דעריבער אויך געוויס גרויס זיין. כ'לעג פאָר, אַז מיר אַלע זאָלען זי גאַנצע דריי טעג רופען מיט איהר פּרימיטיווען, יודי־שען נאָמען „גיטעל״.

אַלע: בראַוואָ! בראַוואָ! גערעכט! בראַוואָ!

שיינדעלע: ניין, דאָס איז צופיעל. איך בין די בעשולדיגטע און האָב דאָס רעכט איהר אַ טייל שולד צו שענקען. כ'פערלאַנג נישט אַזאַ שטרענגע שטראָף. כ'וועל מיך בעגנוגען לאָזען, אַז די בע־שולדיגטע זאָל קויפען פאַר פופציג קאָפּיקעס הערצל'ס מאַרקעס.

געשרייען: ניין, דאָס איז ווייניג! ווייניג!

לאה'לע: לאָמיר הערען, וואָס די בעשולדיגטע זאָגט, בעשולדיגטע! דו האָסט דאָס וואָרט.

גוטשיאַ: פיעל געעהרטע דאַמען און זיידען סאַמעטענער קאַוואַליער! כ'אָנערקען זעלבסט, אַז מיין פערברעכען איז גרויס און בין דעריבער גרייט צו נעמען אויף זיך ביידע פאָרגעלייגטע שטראָפען: כ'נעהם פאַר פופציג קאָפּיקעס מאַרקעס און בעשטעה, מ'זאָל מיך גאַנצע

דריי טעג רופען „גיטעל“ (געשרייען: בראַוואָ)!

**שיינדעלע** (דערלאַנגט איהר מאַרקעס): אַז אַזוי, ביזט דו אַ וואויל מיידעל. נאָר זאָלסט זיי אַליין מיט דיין האַנד פערבּרענען!

**דוד׳ל** (דערלאַנגט אַ ברענענד שוועבעלע): איך וועל אויך האָבּען אַ שטיקעל חלק אין דער מצוה: כ׳רערלאַנג פייער.

(גוטשיאַ צינדט אָן די מאַרקעס און האַלט זיי אין האַנד, ביז זיי פערברענען זיך איננאַנצען).

**אַלע**: בּראַוואָ! גוטשיאַ איז אַ ציוניסטקע! בּראַוואָ! (געלעכטער)

**שיינדעלע**: וואָס לאַכט איהר? גוטשיאַ איז אַ בעל תשובה, און מיר דאַרפען זי צו נעמען פריינדליך. (צו גוטשיאַ) קוק ניט, וואָס זיי לאַכען. פיהר דיך ווייטער אָרענטליך, וועסט דו זיין אַ וואויל קינד, און מ׳וועט דיך ליעב האָבען.

**לאה׳לע**: אַלזאָ, איין העלפט שטראָף איז שוין אויסגעפיהרט געוואָרען און כ׳וויל גלויבען, אַז די צווייטע העלפט וועט ווערען אויסגעפיהרט פּינקטליך. כ׳ערקלער די זיצונג אַלס געשלאָסען.

**גוטשיאַ**: ניין, נאָך ניט שליסען! מען מוז אָנקלערען, וואָס צו טהון ביז׳ן טישען.

**שיינדעלע**: גערעכט. ווי דוד׳ל זאָגט מיר, וועט נאָך לאַנג דויערען צום טישען, און זיך גלאַט אַזוי אַרומדרעהען ביז דעמאָלט איז ניט קיין יושר.

**דוד׳ל**: לאָז יעדער עפּיס פּאָרלעזען.

**שיינדעלע**: אַך, וויאָס פּאַלט דיר איין! דאָס איז אויך היינט צו ערנסט,

**לאה׳לע**: ער וועט שוין בּאַלד זאָגען, אַז יעדער זאָל אויסזאָגען אַ בּלעטעל גמרא.

**דוד׳ל**: דאָס וועל איך ניט זאָגען, וואָרען כ׳ווייס, אַז איהר קאָנט, נעבעך, ניט.

**גוטשיאַ**: לאָמיר שיקען נאָך דער מוזיק און מ׳וועמיר טאַנצען.

**אַלע**: יאָ, יאָ, אויסגעצייכענט, זעהר גוט.

**שיינדעלע**: דו ווייסט? דו האָסט אַזוי גוט געזאָגט, אַז כ׳בין גרייט דיר צו שענקען די שטראָף און דיך ווידער רופען גוטשיאַ. נו, פּאַניע קאַוואַליערשווע! דו האָסט געהערט, וואָס סאַראַ

בעשלוּם דיִ דאַמען האָבען אָנגענומען, און דו ביזט נאָך דאָ? לויף געשווינד און ברענג די מוזיק.

חנה׳לע: דו האָסט ניִשט וויַיט צו געהן: דיִ מוזיקאַנטען זענען דרויסען אויפ׳ן הויף. נו, לויף!

דוד׳ל: יאָ, לויף — איצט צום שיקען בין איך קאַוואַליער, דערנאָך, ווען ס׳וועט קומען צום טאַנצען, וועט איהר אייך נעמען אַנדערע קאַוואַליערען.

גיטשיאַ: פּאַרדעם ביַינאַנט, ביַים מצוה-טענצעל, ווערסט דו שוין זיַין אַ רעכטער קאַוואַליער. (דוד׳ל אָב)

שיינדעלע: ליידער, וועט ער דאָס אויך ניִשט האָבען. כ׳האָב שוין געזאָגט דער מחותנתטע, זי זאָל ניִשט הייסען אָנרופען צום מצוה-טענצעל קיינעם, אויסער דעם עלטער-שוועהר, דעם מחותן און דעם חתן. מעהר קיינעם.

חנה׳לע: און דיִ מחותנת׳טע וועט בעשטעהן?

שיינדעלע: זיִ וועט מוזען בעשטעהן! כ׳האָב איהר געזאָגט, אַז אויב מ׳וועט נאָך עמיצען אָנרופען, וועט מען נאָר מאַכען מענשען רעדען, וואָרען דיִ כלה וועט ניִשט געהן.

לאה׳לע: און איך זאָג דיר, אַז ס׳בלייבט נאָך ניִשט אַזוי. ווערסט זעהן, ס׳וועלען זיַין געטענה׳לצער.

שיינדעלע: און לאָז זיַין! וואָס דען? לאָזען טהון מיט שרה׳לען אַלץ, וואָס ס׳וועט זיי געפעלען? דערמאָן דיך נאָר, צו טאַנצען מיט מענשען, וועלכע דו קענסט רעכט ניִשט! און נאָך סאַרא טאַנצען? זיִ וועט שטעהן מיט אַ טיכעל אין דער האַנד, און אַלע מינוט וועט אַ אַנדערער צו געהן, אָננעמען פאַר׳ן טיכעל און וועט נאָך מיט איהר אַ דרעהע אַרומגעבען, ווי עפּיס... ס׳איז דאָך אַזוי מיאוס!

גוטשיאַ: דו האָסט נאָך ניִשט גוט געטהון: דו האָסט געבראָכט צו זאָגען, אַז מ׳זאָל גאָרניִשט אָנרופען, קיינעם ניִשט.

שיינדעלע: גאָרניִשט וואָלט מען מיך ניִשט געהאָרכט: ס׳איז אַ יודישער מנהג.

חנה׳לע: דוד׳ל זיצט דאָך עפּיס אַזוי לאַנג?

לאה׳לע: ער וועט אוראי באַלד קומען. אָבער וואָס היעמיר טאַנצען?

גוטשיאַ: לאָמיר מאַכען אַ מצוה-טענצעל! דוד׳ל וועט זיַין די כלה,

ער װעט זיצען מיט א טיכעל אין האנד, און יעדעס מאל װעט מען אנרופען א אנדערער צום טאנצען.

שײנדעלע: אך! װאס פאלט דיר אײן? פון א יודישען מנהג דארף מען נישט מאכען קײן שפאס: דאס װאלט געהײסען שפא-סען פון זיך זעלבסט, זעה היט דיך! אויב דו װעסט נאך אמאל זאגען עפיס אזעלכעס, װעל איך דיך װידער רו-פען גיטעל.

חנה'לע: לאמיר טאנצען א לאנסער. דאס איז א גאנץ שענער טאנץ.

אלע: יא, טאקי, א לאנסער. אויסגעצײכענט.

לאה'לע: איהר װײסט? כ'האב הײנט א גאנצען טאג אײנמאל געטאנצט.

שײנדעלע: איך האב קײן אײנמאל אויך נישט געטאנצט. כ'בין כסדר געװעזען פערנומען.

גוטשיא: איך האב יא צײט געהאט, האט מען מיך אבער ארײנגע-שטעלט אין א רעדעל — קלעצער, נישט קײן טענצערינס. מ'האט געברויכט צושפאנען צו יעדער בעזונדער א פאר פערד, כדי זי פון ארט צו ריהרען. כ'האב גערן געזעהן, אז כ'דרעה מיך ארוים.

חנה'לע: ס'איז גלאט געװעזען אזוי ענג, אז מ'האט נישט געהאט, װאו א פוס צו שטעלען.

לאה'לע: אבער צו א לאנסער דארף מען דאך אכט פערזאן, און מיר זעמיר דא נאר פיער?

חנה'לע: מ'װעט צו נעמען אסתר'לען און די מחותנת'טעס דרײ טעכטער.

שײנדעלע: אסתר'ל שלאפט; דער קאפ טהוט איהר װעה.

לאה'לע: די מחותנת'טעס טעכטער װעלען אויך נישט ארײנקומען: די מוטער װעט זײ נישט לאזען, זי װעט מורא האבען, זײ זאלען נישט קאליע װערען דא בײ אונז. (צו שײנדעלען) דו האסט בעמערקט, אז זײ האבען זיך אינגאנצען געהאלטען פון דיר פון דער-װײטענס? זײ האבען מורא געהאט, אז דאס בלויזע אנריהרען אן דיר װעט זײ שאדען.

גוטשא: אוי, זענען דאס כשרה בהמה'לעך! הײנט אין דערפריה זענען זײ אפשר צװײ שעה געשטאנען און גערעװענט. מיט די גראבע סדורים אין האנד האבען זײ אויסגעזעהן אזוי קאמיש, אז

כ'האָב מיך קוים געקאָנט איינהאַלטען פון לאַכען.

שׂוויינדעלע: און איך זעה נישט, פון וואָס דו האָסט דאָ געהאַט צו לאַכען. וואָס איז דאָ קאָמישעס, ווען אַ מענש איז פרום און דאַווענט? איך דאַווען אויך יעדען טאָג.

גוטשׂאַ: מילא, פון דיר איז דאָך נישטאָ, וואָס צו רעדען. דו האָסט דאָך אָפּט אַזעלכע מאָדנע איינפאַלען. דיר קען נאָך געפעלען דאָס, וואָס די אויסגעגעבענע טאָכטער טראָגט אַ טיעפּע קופּקע?

שׂוויינדעלע: אודאי געפעלט עס מיר! זי...

גוטשׂיאַ: וואָס? ס'געפעלט דיר? נו, האָסט דו טאַקי אַ גוטען געשמאַק. אַ ווייבעל פון צוואַנציג יאָהר אין אַ קופּקע! חאַ-חאַ-חאַ! אַ שען יונג פּנים'ל בעהאַלטען ביז אין די האַלבע אויערען אין אַ הייבעל! חאַ-חאַ-חאַ! און איהר געפעלט דאָס!

שׂוויינדעלע (מיט אַ געלעכטער): אָבער מיר געפעלט נישט דאָס הייבעל! כ'האָב פיינד קופּקעלעך נישט ווענינגער, אַלס דו. (ערנסט) דאָך וועל איך נישט לאַכען פון דער מחותנת'טעס טעכטער. דערמאָן דיך נאָר: זי איז יונג, שעהן, פול מיט לעבען, זי וויל און קאָן געפעלען מענשען — און דאָך, ווען איהר גלויבען, איהר פרומקייט...

גוטשׂיאַ: זאָג פאַנאַטישקייט.

שׂוויינדעלע: אמת, ס'איז טאַקי נאָר פאַנאַטישקייט, אָבער זי גלויבט דאָך אין דער פאַנאַטישקייט ערנסט און צוליעב דעם גלויבען האָט זי זיך ספּעשעט און אָנגעטהון אַ קופּקע — דאָס איז פון איהר אַ כח און זי פערדיענט, מ'זאָל זי דאַפיר שעצען, נישט אויסלאַכען.

גוטשׂיאַ: לויט דעם קומט דאָך אויס, אַז מ'בּרויך דיין עלטער-שוועהר אויך צו שעצען פאַר זיין משוגה'דיג פיהרעכץ? ער לעבט אַזוי פיעל יאָהרען, ווי אַ פוסטעלניק אָבגעזונדערט פון דער גאַנצער וועלט, זיצט שטענדיג פערמאַכט איינער אַליין אין פערברענגט ס'רוב טעג אין פאַסטאַ — צו דעם דאַרף מען אויך אַ כח!

שׂוויינדעלע: אודאי! דערייבער טאַקע מוז יעדער ערליכער מענש פיהלען צו איהם בלויז אַכטונג.

גוטשׂיאַ: טאַקע? נאָר פאַרוואָס דען רעכענסט דו דיך מיט איהם אַזוי ווענינג? פאַרוואָס, ווען ער האָט דיך געהייסען אָנטהון

אַ שטיַיטעל, האָסט דו ניִשט געוואָלט איהם האָרכֿען?

**שיינדעלע:** דו ווייסט, וואָס כ׳וועל דיר זאָגען? אַזוי לאַנג דו האָסט געהייסען גיטעל, ביזט דו געווען אַ גאַנץ קלוג מיידעל, נאָר צייט דו האָסט דיר דעם נאָמען געענדערט, האָט זיך דיר אויך דער שכל פערדרעהט. יעדער מענש, וואָס זיינע איבערציַיגונגען זענען ביי איהם טייער, מוז קאָנען שעצען אויך זיין ערליכֿען געגנער. אַז מיין עלטער־שוועהר׳ס איבערציַיגונגען זענען ערליכע, אַז מיט דעם, וואָס ער זאָגט און טהוט, מיינט ער ניִשט זיך פאַר עמיצען צו פערשטעלען, כדי צו בעקומען עפּיס אַ געצאָהלט דאַפיר, נאָר גלויבט ווירקליך, אַז אַ יוד דאַרף אַזוי זיין — דאָס, גלויב איך, ווייסט דו אויך מורה זיין. און אַז כ׳זעה נאָך, דאָס דער ערשטער, צו וועמענס לעבען ער וויל צופּאַסען זיינע איבערציַיגונגען, איז ער אַליין און זאָגט זיך אָב צוליעב זיי פון אַלע וועלטליכֿע פערגניגענס — מוז איך איהם שעצען, אַלס ערליכֿען און ענערגישען מענש. אָבער פון דעם איז נאָך ניִשט געדרונגען, אַז איך טאָר ניִשט האָבען מיין אייגענעם גאַנץ אַנדערען בליק אויף דער וועלט, וועלכער זאָל מיר ניִשט וועניגער טייער זיין און...

(ס׳קומט אַריין דוד׳ל מיט אַ פערזאָרגט פּנים).

**לאה׳לע און חנה׳לע** (וועלכע האָבען צווישען זיך עפּיס גערעדט): נו, וואו האָסט דו די כלי־זמרים?

**דוד׳ל:** זיי זענען שוין אהיים געגאַנגען. כ׳האָב דעם שמש געשיקט נאָך זיי.

**גוטשיאַ:** אַ שאָד. ס׳וועט אודאי דויערן ווי לאַנג, ביז זיי וועלען קומען.

**חנה׳לע:** כ׳וועל דערוויַיל געהן מיך איבערטהון.

**שיינדעלע:** איך וועל מיך אויך איבערטהון, כ׳האָב ניִשט ליעב מיך אַרומצוטראָגען מיט אַזאַ לאַנגען טרען. איהר ווייסט וואָס? לאָמיר זיך אַלע איצט איבערטהון, וועט מען שוין קאָנען טאַנ־צען ביז׳ן טישען.

**גוטשיאַ, לאה׳לע:** דאָס איז גלייך, מ׳וועט ניִשט ברויכֿען זיך דער־נאָך צו איילען.

**חנה׳לע:** נו, קומט, לאָמיר ניִשט פערברענגען.

לאה׳לע (געהענדיג צו דער טהיר): מאַך דיך דאָ גרייט, שיינדעלע. מיר קומען באַלד צוריק. (לאה׳לע, גוטשיא און הנה׳לע אָב).

שיינדעלע (ציהט אַרויס די נאָדלען און קעם פון איהרע האָר. שרייט נאָך): געדענקט, ברענגט מיט נאָך פיער פּערזאָן!

דוד׳ל: דו האָסט וויעדער אָנגעמאַכט אַ עסק! שטענדיג מוזט דו דיך פיהרען אַזוי, אַז מ׳זאָל האָבען מיט דיר צו טהון!

שיינדעלע: וואָס איז?

דוד׳ל: צו וואָס האָט דיר געטויגט זיך צו מישען אין שרה׳לעס געשעפטען און צו מאַכען אַ גע׳מענה׳כין מיט דער מחותנת׳טע? שרה׳לע איז דאָך שוין ניט קיין קינד און קאָן זיך איהר שטעדטעל בעשטעהן! פאַרוואָס זיצט זי זיך שטיל און שטעלט נאָר אַלץ דיך אַרויס?

שיינדעלע: אָבער וואָס איז דען?

דוד׳ל: וואָס ס׳איז? געה אַריין, וועסט דו הערען, וואָס ס׳אַראַ קאָך ס׳טהוט זיך דרינען. וואָס דער זיידע איז געוועזען ביז איצט פערמאַלט, איז אויך געוועזען איבער דעם. די מחותנת׳טע האָט איהם אָנדערצעהלט גאַנצע מעשיות אויף דיר, און ער האָט נאָך פאַר דער חופּה געוואָלט צו דיר אַריינגעהן, נאָר די מאַמעשיי האָט איהם קוים איינגעהאַלטען. איצט איז די מחותנת׳טע שוין ווי דער דרינען ביי איהם, מיט אַ נייע מסירה: דו האָסט אָנגערעדט שרה׳לען, זי זאָל נישט וועלען עסען קיין קעסט, נאָר זאָל זיך באַלד מאַכען אַ געשעפט. און אַלץ נאָר אויף דיר! אויף שרה׳לען פערצעהלט זי גאָרנישט, שרה׳לע זאָגט זי, איז אַ יודיש הייבעל, און נאָר דו לערנסט זי דאָס אַלץ.

שיינדעלע: אַזוי? גאַנץ גוט. ס׳איז גלייכער, אַז זי לעגט אַלץ אַרויף אויף מיר. איך וועל מיר שוין העלפען. אַבי זי לאָזט נאָר שרה׳לען צורוה.

דוד׳ל: איך וויל אָבער נישט, אַז מ׳זאָל דיך שטענדיג אַרומשלעפּען! כ׳וויל נישט, אַז יעדערער זאָל האָבען מיט דיר צו טהון.

שיינדעלע: דו ווייסט, וואָס כ׳וועל דיר זאָגען? ס׳וואָלט שוין צייט געוועזען, דו זאָלסט ווערען אַ ביסעל מעהר מענש. ס׳וואָלט שוין צייט געוועזען, דו זאָלסט דיך אָנהויבען צו פיהרען לויט

דײַן אייגענעם פערשטאַנד און נישט קוקען אַלץ, וואָס מענשען זאָגען.
זאָג מיר, כ׳בעט דיך, וואָס האָסט דו מורא? וואָס אַרט דיך, אַז
די מחותנת׳טע איז בייז?

דוד׳ל: און דער זיידע?

שיינדעלע: דער עלטער-שוועהר? זיינ׳ס איז מיר טאַקע אַ רחמנות.
ער מיינט דאָך עס ערנסט און האָט אודאי דאַפּון יסורים.
איך בין איהם אָבער גאָרנישט שולדיג. איך גלויב אין מיינעם נישט
ווענינגער, אַלס ער אין זיינעם.

דוד׳ל: אָבער פאַרוואָס שטעלסט דו דיך אַרויס פאַר יעדען? גאַנ־
געננוג שונאים האָסט דו אָהן דעם. צו וואָס זאָלסט דו דיר נאָך איי־
קויפען שונאים פאַר יענעמס וועגען? צו וואָס טויג דיר דאָס?

שיינדעלע: כ׳בעט דיך, דוד׳ל, רעד נישט מעהר. וואָס זאָגסט דו?
כ׳זאָל לאָזען, שרה׳לע זאָל עסען אַ פאָר יאָהר קעסט, און
דער מאַן איהרער זאָל זיך דורך דער צייט אַרומדרעהען אין בית־
המדרש און ווערען צום איבריגען פער׳בטל׳ט. און דערנאָך,
ווען זי וועט שוין האָבען עטליכע קינדערלעך און וועט זיין אַ גרויסע
געבראָכערין, וועט זי ערשט מיט אַ מאַן אַ בטלן געהן זוכען אַ גע־
שעפט? און דאָס זאָגסט דו, אַ ברודער? שעהם דיך! כ׳האָב שוין
עטליכע מאָל געהערט פון דיר די זעלבע פראַגע, צו וואָס דאָס טויג
מיר. ווען כ׳האָב אָנגעהויבען אַריינצוגעוועהנען צו מיר עטליכע מייד־
לעך און האָב זיי יעדעס מאָל עפּיס פאָרגעלעזען, האָסט דו אויך
געפרעגט דאָס זעלבע. לויט דיר, קומט אויס, אַז יעדער מענש דאַרף
זיין אַ צדיק אין פעלץ און דאַרף נאָר קוקען זיך צו וואַרעמען. די
וועלט וואָלט שעהן אויסגעזעהן, ווען אַלע מענשען וואָלטען אַזוי געוועזען.

דוד׳ל (שוואַך און אַ ביסעל פערשעמט): מילא, פיהר ווי דו פערשטעהסט...
ווערסט זעהן, דו וועסט אַמאָל איבערציהען ס׳שטריקעל.

שיינדעלע (צעלאָזט זיך די האָר און זעצט זיך צום שפּיגעל מאַכען די פריזורע):
פערשטעל דיך נישט פאַר ערגער, אַלס דו ביזט. כ׳ווייס
דאָך, אַז אינווענינג ביזט דו שוין מודה, דאָס איך בין גערעכט, און
זעהסט אַליין, אַז דו האָסט שלעכט געזאָגט — וואָרען דו ביזט דאָך נישט
קיין שלעכטער — טאָ צו וואָס ענטפערסט דו ווייטער?... ברענג מיר
אַריין אַ פּעקעלע האָר-נאָדלען, ס׳ליגט דרינען אויפ׳ן וואַש-טיש.

דוד׳ל (געהט צום שלאָף-חדר) : יאָ, דו ביזט טאַקע געראָטן ; (שון פון שלאָף-חדר) אָבער ס׳ווילט זיך נישט זיין שטענדיג ביי מענשען אין מויל (צוריק אַרויסקומענדיג), נאָר דו מוזט שטענדיג אויספיהרען . (גיט איהר די האָר-נאָדלען).

שיינדעלע : וויל נאָר, ווערסט דו אויך אויספיהרען .

(דוד׳ל שטעהט אַ ווײַלע אונטער שיינדעלען און קוקט איף איהרע צעלאָזטע לאָקען, דערנאָך הילט ער זי אַרום מיט איהרע אייגענע האָר אַזוי, אַז מען זעהט אַרויס נאָר איהרע אויגען און אַ גאַנץ קליינע טייל פון פנים.

דוד׳ל : ווי שען דו זעהסט אויס אַזוי ! אַ פיין איינהילטיבעל, אַזוי ליעב, קיהל און ווייך...

שיינדעלע : געה ! דו ריהר זיך נישט צו צו מיינע האָר : דו האָסט געוואָלט, כ׳זאָל זיי אָבשניידען... כ׳בעט דיך, צו איז טאַקע דאָ עפּיס אַ דין, אַז מ׳טאָר נישט געהן אין די האָר ?

דוד׳ל : זעהסט, ווי פּעסט דו ביזט ביי דיר, אַז מען מעג ? דו ווייסט אפילו נישט, וואָס דער דין זאָגט וועגען דעם .

שיינדעלע : כדי צו זיין זיכער, אַז מען מעג אַזעלכע זאַכען, ברויך איך נישט ערשט צו וויסען קיין דינים. ווען די מחותּנתטע האָט מיר נעכטען געזאָגט, אַז ס׳איז נישט יודיש צו האַלטען בלומען, האָב איך זיך גוט אויסגעלאַכט און ס׳איז מיר גאָרנישט איינגעפאַלען צו פרעגען, אויב ס׳איז אַזאַ דין. יעדע שעה זאָך זעהט ביי מיר אויס, ווי עפּיס אַזעלכעס, וואָס ס׳איז אַ עבירה עס קאַליע צו מאַכען, און כ׳וועל קיינמאָל נישט גלויבען, אַז גאָט הייסט אַזעלכע זאַכען פערדאַרבען. אפילו ווען מען זאָל מיר ווייזען אַזאַ דין, וועל איך אויך נישט גלויבען.

דוד׳ל : און דאָך פרעגסט דו !

שיינדעלע : גלאַט כ׳וויל וויסען, פון וואַנען דאָס נעמט זיך, וואָס מענשען זאָגען. דו ווייסט דאָך מסתּמא, זאָג מיר עס. כ׳בין נייגעריג צו וויסען.

דוד׳ל : ס׳איז דאָ אַ דין, אַז מ׳טאָר נישט, אָבער דער דין נעמט זיך פון אַ נאַרישקייט : פונקט ווי היינט ביי אונז רעכענט זיך, אַלס פערשייט, ווען אַפרוי געהט צופיעל דעקאָלטירט, אַזוי האָט זיך אַמאָל אין עטליכע לענדער אין אַזיע גערעכענט אַלס פאַרשייט צו

גערן מיט אַ אויפגעדעקטען קאָפּ, און אַלע ווייבער פלעגען זיך דאָרט אַרומבינדען די קעפּ מיט טיכלעך.

שיינדעלע: אודאי אַזוי ווי זיי טהוען זיך נאָך היינט, אויף אַ סך ערטער פערהענגגען ס'פנים?

דוד'ל: יאָ, און די דעמאָלדיגע יודישע ווייבער, אַלס דאָרטיגע איינוואוינער, האָבען אויך געהאַלטען פון דעם מנהג.

שיינדעלע: און דאָס איז ס'גאַנצע? אָבער היינט דאָ אין אייראָפּע רעכענט זיך דאָך דאָס נישט פאַר פאַרשייט?

דוד'ל: אונזערע רבנים ווילען אָבער דאָס נישט וויסען און האָבען פון די האָר געמאַכט אַ געזעץ.

שיינדעלע: נו און ווען אפילו אַ געזעץ, איז דאָד גענוג צו צודעקען פאַרוואָס נאָך אָבשניידען?

דוד'ל: ס'ווערט טאַקי אין ערגיץ נישט געברענגט, אַז מ'דאַרף אָבשניידען. פערקעהרט: די גמרא ברענגט אַ מעשה, וואו ס'ווערט דערצעהלט, אַלס העלדישקייט פון אַ פרוי, וואָס האָט צוליעב דעם מאַן אָבגעשוירען די האָר.

שיינדעלע (ווענדעט זיך אום צו דוד'לען): ס'מוז זיין אַ שענע מעשה, פערצעהל (נעמט זיך צוריק צו דער פריזורע) פערצעהל.

דוד'ל: ס'איז געווען איינער אַ יוד, אַ זעהר אָנגעזעהענער מענש און אַ גרויסער גביר, כלבא שבוע...

שיינדעלע: דער פון די דריי, וואָס האָבען געוואָלט שפּייזען ירושלים בשעת דער בעלאַגערונג?

דוד'ל: יאָ. האָט זיך זיין טאָכטער פערליעבט אין איינעם אַ פראָסטען יונג, עקיבא, אַ פּאַסטוך ביי איהר פאָטער, און האָט מיט איהם חתונה געהאַט. דער פאָטער האָט, נאַטירליך, נישט געוואָלט בעשטעהן אויף אַזאַ שידוך און האָט זיי אַרויסגעיאָגט פון זיין הויז.

שיינדעלע: אך! אינגאַנצען אַרויסגעיאָגט? זי אויך?

דוד'ל: יאָ. זי האָט איהר מאַן זעהר ליעב געהאַט, נאָר זי האָט נישט געקאָנט דערליידען זיין אַרט לעבען און דענקען. זי איז געוועזען ערצויגען צווישען איידעלע מענשען און איז אודאי געוועזען געלערנט אויך, און ער איז געוועזען גראָב, רוי, האָט אפילו קיין עברי נישט געקאָנט. זי האָט איהם דעריבער צוגערעדט, ער זאָל אַוועק

פאָהרען לערנען, און כדי צו האָבען אויף הוצאות פאַר איהם, האָט זי זיך אָבגעשוירען די האָר, וועלכע זענען זעהר שען געוועזען, און האָט זיי פערקויפט.

שיינדעלע: (ווענדט זיך אום מיט איבעראַשונג) פערקויפט איהרע אייגענע האָר? אוי, האָט זי געמוזט איהם ליעבען!

דוד'ל: (בויגט זיך נאָהנט צו צו איהר): און דו וואָלסט נישט אָבגעשניטען די האָר צוליעב מיר?

שיינדעלע (קוקט איהם אין די אויגען מיט אַ גליקליכען שמייכעל): ניין, כ'האָב דיך נישט ליעב....

(זיי נעמען זיך אַרום, אין קיך הערען זיך טריט. זיי שפרינגען אויף. דוד'ל לויפט אין קיך).

דוד'ל: (קומט צוריק) די כלי-זמרים זענען שוין דאָ.

שיינדעלע: זיי זענען שוין דאָ, און איך בין נאָך נישט גרייט (ענדיגט שנעל די פריזורע) דוד'ל, גיב מיר אַרויס דעם העלען שלאָף-ראָק.

דוד'ל: אין שלאָף-ראָק וועסט גאָר געהן אויף דער חתונה?

שיינדעלע: אין וואָס דען? אין קלייד קאָן מען זיך נישט ריהרען, און איך האָב ליעב צו העלפען בעדיענען, נישט צו זיצען, ווי אַ מהותנת'טע.

זי ענדיגט די פריזורע. דוד'ל דערלאַנגט איהר דעם שלאָף-ראָק. ס'קומען אַריין לאה'לע, גוטשיא, חנה'לע און פיער מיידלעך).

גוטשיאַ: נו, שיינדעלע! ביזט נאָך נישט גרייט?

מיידלעך: גוט נ'אָבענד!

שיינדעלע: גוט נ'אָבענד, גוט נ'אָבענד. (איבערוואַרפט זיך שנעל דעם שלאָף-ראָק) כ'בין שוין גרייט. די כלי-זמרים קאָנען שוין אַריינגעהן... אָדער לאָזען זיי בעסער שפּיעלען אין קיך, וועט גראָמער זיין.

(דוד'ל רוקט אָב דעם טיש מיט שטוהלען אָן אַ זייט. שיינדעלע עפענט אויף ביידע העלפטען טהיר פון קיך און טראָגט צו שטוהלען פאַר די כלי-זמרים, וועלכע זעצען זיך אויס פונקט גיגען דער אָפענער טהיר).

גוטשיאַ: נו לאָמיר זיך אויסשטעלען, ווער וועט טאַנצען מיט וועמען?

לאה'לע: איך וועל טאַנצען מיט חנה'לען.

חנה׳לע : נאָר דו זאָלסט זײַן הער. (שטעלען זיך אויס)

גוטשיאַ : און איך טאַנץ מיט שײנדעלע׳ן. שײנדעלע! מיר װעלען צו־זאַמען טאַנצען. יאָ?

שײנדעלע (זײַענדיג פערגומען בײַ די כּלי־זמרים) : ל׳בעט אײַך איבער : נאָך אײן רגע : ל׳קום באַלד אַהין.

גוטשיאַ (צו די מײדלעך) : נו שטעלט אײַך אויס.

אַ מײדעל : װאָס װעט מען דען טאַנצען?

חנה׳לע : אַ לאַנסער. נעם דיר צו אַ פּאָר.

אַ מײדעל : אַז אַ לאַנסער, װעל איך נישט טאַנצען. ל׳האָב נאָך דױם קײנמאָל נישט געטאַנצט.

2=טע מײדעל : איך טאַנץ יאָ אַ לאַנסער, אָבער נאָר אַלס דאַמע.

3=טע מײדעל : אַז אַזױ װעמיר צוזאַמען טאַנצען : איך טאַנץ אַלס הער. (שטעלען זיך אויס)

דוד׳ל (װערט פאַרטיג מיט׳ן אַװעקרוימען און געהט צו שײנדעלע׳ן) : געה דאָ אַהין. איך װעל שוין דאָ אַלץ מאַכען אין אָרדנונג.

לאה׳לע (צו שײנדעלען, װעלכע קומט צו) : שטעל נאָר עפּיס אויס. דו װעסט דאָך פיהרען. (װײַזט אויף צװײ מײדלעך) זײ טאַנצען נישט קײן לאַנסער.

שײנדעלע (צו די מײדלעך) : איהר טאַנצט נישט קײן לאַנסער? (צו גו־טשיאַן) גוטשיאַ, דו טאַנצט דאָך גוט. טאַנצט דו מיט אײנער פון זײ, און איך װעל אויך טאַנצען מיט אײנער. (צו די מײד־לעך) איהר װעט זעהן, איהר װעט אײַך באַלד אויסלערנען. (שטעלען זיך אויס)

כּלי־זמר : מ׳מוז אָנצינדען אַ לאָמפּ. ס׳איז שוין דונקעל, און מ׳זעהט נישט צו שפּיעלען.

שײנדעלע (צום מײדעל) : ענטשולדיגט נאָר אײן מינוט. (צינדט אָן אַ לאָמפּ) ס׳איז טאַקי שוין דונקעל. ס׳איז שוין נאַכט, און די דיענסט איז נאָך נישטאָ מיט׳ן קינד.

לאה׳לע : און װאָס האָסט דו מורא? ס׳װעט זיך דערקיהלען אויף אַזאַ היץ?

שײנדעלע (עפנט ס׳פענסטער און קוקט אַרויס) : אָבער ס׳איז שוין מעהר, װי צװײ שעה, צײַט זי איז מיט׳ן קינד אַװעקגעגאַנגען.

לאה׳לע: נו, וואָס איז? די לופט איז גוט, זיצט זי מיט׳ן אַביסעל לענגער.

שיינדעלע: ניין, כ׳בין אונרוהיג. כ׳איבּער בעט אייך: איהר וועט אויף מיר וואַרטען איינינגע מינוט. כ׳וועל נאָר אַ לויף אַרויס געבען, זעהן נאָך דער דיענסט.

דוד׳ל (האָט אַלעס ביי די כלי-זמרים ערלעדיגט): וואו וועסט דו איצט געהן, און אַלע זאָלען מוזען וואַרטען? זיי דאָ. איך וועל געהן. (אָב)

לאה׳לע: דו ביזט אַ צו הייסע מוטער. אַ מעשה דאָ איז: ס׳קינד איז אַביסעל לענגער אין דרויסען. נו, קום שוין אַהער! מוזיק! הייבּט אָן.

כלי-זמר: וואָס?

לאה׳לע: אַ לאַנסיער.

(די מוזיק שפּיעלט, זיי טאַנצען. פּלוצלונג ווערט די מוזיק שטיל, די כלי-זמרים שטעלען זיך ראַש אויף. אין טהיר בעוויזט זיך ר׳ העשעלע. די טענצעריננס רוקען זיך שנעל אָב אין איין זייט אין אַ ווינקעל. שיינדעלע לויפט צו ר׳ העשעלען, וויל איהם אָננעמען פאַר דער האַנד און צו פיהרען צו אַ שטוהל. ר׳ העשעלע ווענדט זיך לייכט אָב און געהט אליין. די טענצעריננס רוקען זיך דער-ווייל שטיל ארויס. אויך די כלי-זמרים פערשווינדען).

שיינדעלע: פאַרוואָס געהט דער שוועהר אַזוי גאָר אַליין? לאָז דער שוועהר לאָזען, איך וועל איהם צו פיהרען.

ר׳ העשעלע: ניין, ניין, כ׳וועל אַליין געהן... פיהר דו מיך נישט... (זעצט זיך אויף א שטוהל) דו האָסט שוין גענוג געפיהרט... שוין צופיעל, אַזש איבּערגעפיהרט. נאָר גענוג. מעהר וועט דאָס נישט זיין (העכער) דו הערסט? מעהר וועט דאָס נישט זיין! איך פיהר, אין נישט דו! איך וועל אַזעלכעס נישט דערלאָזען — איך וועל נישט לאָזען, אַז אַ גאַנצע עדה יודען זאָל, חלילה, אראָבגעהן פון וועג איבּער מיינע קינדער! כ׳וועל דאָס נישט לאָזען!

שיינדעלע: אָבּער לאָז זיך דער שוועהר בערוהיגען. כ׳ווייס, אַז די מחותנת׳טע האָט אויף מיר אָנפערצעהלט גאַנצע מעשיות; אָבּער דער שוועהר דאַרף איהר נישט גלויבען. כ׳האָב קיינעם קיין שלעכטס נישט געלערנט און איך אַליין טהו אויך נישט, חלילה, קיין שלעכטס. דער מחותנת׳טע דאַכט זיך, אַז דאָס איז מי יודע וואָס,

אָבער ס'איז נישט אַזוי. לאָז איהר דער שוועהר נישט גלויבען.

ר' העשעלע: כ'זאָל נישט גלויבען? דו טהוסט נישט קיין שלעכטס? און די חברה, וואָס דו האָסט געמאַכט, איז גוט? און די ביכער, וואָס דו טייַלסט, זענען גוט?

שיינדעלע: כ'זאָג דעם שוועהר אויף מיין וואָרט, אַז דאָס אַלץ זענען נישט, חלילה, קיין שלעכטע זאַכען. די חברה איז אַ יודישע און האָט דעם ציעל צוריק צוגעפינען אַ שטיקעל היים פאַר יודען, און די ביכער, וואָס מיר לייענען, זענען אויך יודישע און לערנען בלויז גוטע זאַכען. דער...

ר' העשעלע: (כאַפּט זיך אויף): וואָס? אַ יודישע חברה איז דאָס? אָפּ־צולייקענען משיח'ן און זיך איינצורעדען, אַז מ'וועט אַליין ברענגען די גאולה איז יודיש? און ספרים היצונים זענען יודיש? אוי לאזנים שכך שומעות! דו האָסט נאָך אַ העזה צו זאָגען, אַז די ביכער לערנען גוטע זאַכען? פון וואָס דען איז שרה'לע קאַליע געוואָ־רען? די מוטער האָט זי אַזוי געלערנט? ביי מיר האָט זי צוגעזעהן אַזעלכע דרכים?

שיינדעלע: וועגען שרה'לען קאָן איך גאָרנישט ענטפערן, וואָרען כ'ווייס נישט, וואָס די מחותנת'טע האָט אויף איהר אויסגע־קלערט — נאָר דער שוועהר מעג מיר גלויבען, אַז שרה'לע איז גאַנץ יודיש און הלואי...

ר' העשעלע: יודיש איז זי? אַ יודיש ווייבעל געהט אין אַזעלכע וועגען און דו ביזט אויך יודיש? געהסט מיט די בלויזע האָר, ווי ביי די גוים? בנות ישראל שצנועות הן זענען זיך מתיר אַזאַ פריצות?

שיינדעלע: מילא. פון דעם ווייסט דאָך דער שוועהר שוין פון לאַנג: כ'בין דאָך קיינמאָל נישט געגאַנגען אַנדערש, און דער שוועהר האָט גאָרנישט געזאָגט.

ר' העשעלע: וואָס? כ'האָב גאָרנישט געזאָגט? כ'בין בעשטאַנען, אַז מיין קינד זאָל אַרויסגעהן פון יודישען דת? כ'האָב גע־שוויגען, ווייל מ'האָט מיך אָבגענאַרט! מ'האָט מיר געזאָגט אַ ליגען, אַז דו ביזט בעסער געוואָרען און געהסט שוין יודיש!

שיינדעלע (איבעראַשט): וואָס? מ'האָט דעם שוועהר געזאָגט, אַז כ'האָב

אָנגעטהון אַ שײַטעל ?... כ׳שווער בײַ מײַן וואָרט, אַז איך האָב נישט געוואוסט דאַפין, און ס׳פערדריסט מיך, וואָס מ׳האָט עס געטהון. איך וואָלט מיר קײנמאָל נישט ערלויבט דעם שוועהר אַ ליגען צו זאָגען. אָבער וואָס איז דען, אַז כ׳גײַה אין די אײגענע האָר? טאָר מען דען נישט?

ר׳ העשעלע: נײן מ׳טאָר נישט! אונזער תּורה זאָגט, אַז מ׳טאָר נישט! עוֹברת על דת יהדוּת רופט די גמרא אָן אַזעלכע!

שײנדעלע: נו, יאָ, די גמרא — דעמאָלט איז עס טאַקע געווען אַ פערברעכען. ס׳איז געווען פערשײַט, ווײַל קײנער איז נישט געגאַנגען מיט אַ אויפגעדעקטען קאָפּ — אָבער הײַנט פאַרוואָס זאָל מען נישט מעגען? הײַנט געהען דאָך אַלע אַזוי!

ר׳ העשעלע: וואָס? וואָס האָסטו געזאָגט? (כאַפּט זיך פאַר׳ן קאָפּ) וועה צו מײַן גראָהען קאָפּ! וואָס האָב איך דערלעבט אויף מײַנע אַלטע יאָהרען: מײַן קינד איז מגלה פּנים בּתּורה שלא כּהלכה...

(ס׳קומט אַרײַן דוד׳ל מיט יוסעלע׳ן אויף דער האנד. שײנדעלע לויפט איהם אַ קעגען אַ דערשראָקענע).

שײנדעלע: וואָס איז? וואָס טראָגסט דו איהם עפּיס? וואו איז די דינסט? (נעמט פון איהם ס׳קינד).

דוד׳ל: דאַכט זיך מיר, אַז ער איז עפּיס נישט געזונד; ער האָט אַ ביסעל היץ.

שײנדעלע (טהוט צו די ליפּען צום קינד׳ס קעפּעל): ער גליהט דאָך אינגאַנצען! (צום קינד) יוסעשי, ס׳טהוט דיר עפּיס וועה? (צו דודל׳ן) ער קען דאָך גאָרנישט עפענען די אײגלעך! געה נאָכ׳ן דאָקטאָר (זי געהט מיט׳ן קינד אין שלאָף-חדר) יוסעשי, כּשר קינד-לעב...

דוד׳ל (נאָכגעהענדיג אין שלאָף-חדר): כ׳האָב שוין געשיקט נאָכ׳ן די דינסט. (בײדע אָב).

ר׳ העשעלע וויל מיט געהן אין שלאָף-חדר, אָבער די פיס דינען איהם נישט. ער בלײַבט שטעהן אויף אַ אָרט, צוהאַלטענדיג זיך מיט אײן האנד פאַר׳ן טיש. ס׳קומט אַרײַן דער דאָקטאָר, פערנויגט זיך טיעף פאַר׳ן רב און געהט צו איהם צו. ר׳ העשעלע ווײַזט איהם מיט דער האנד אויף דער שלאָף-שטוב און רעדט קיים אַרויס: „דרינען” דער דאָקטאָר געהט אַרײַן. דוד׳ל קומט אַרויס, געהט

(שנעל אין קיך און לויפט באלד צוריק אין שלאָף־שטוב מיט א לעפעלע אין האנד. ר׳ העשעלע קאָן נישט מעהר שטעהן און זעצט זיך שווער אויף א שטוהל. ס׳קומט ארויס דער דאָקטאָר).

ר׳ העשעלע: נו?

דער דאָקטאָר: ער האָט אַ דיפטעריט אין העלזעל, אָבער ס׳שאַדט נישט: ס׳איז נאָך גאָר אין אָנפאַנג. (שרייבט אַריין אין שלאָף־שטוב) ברענגט באַלד דעם סערום! איך קום שוין צוריק. (אָב)

ר׳ העשעלע (שאָקעלט שמערצליך מיט׳ן קאָפּ צו זיך): געשטראָפט... שוין געשטראָפט... תנוקות שלא חטאו ליידען נעבעך איבער זייער זינד...

(ס׳קומט אַריין שיינדעלע מיט אַ פערשריבענעם רעצעפּט אין האַנד. זי נעמט פון קאַנאַפּע אַ טיכעל, הילט זיך שנעל איין און וויל אַרויסגעהן. זי דערהערט ר׳ העשעלע׳ס לעצטע ווערטער.)

שיינדעלע (זעהר אויפגערעגט): שוועהר! איך ווייס, אַז כ׳האָב נישט גע־זינדיגט און, אויב אפילו יאָ, גלויב איך, אַז גאָט איז אַ גוטער און וועט נישט שטראָפען מיין קינד איבער מיר, און אַז דער שוועהר זאָגט נישט אַזוי, אַז דער שוועהר גלויבט, דאָס גאָט קאָן שטראָפען אַזאַ אונשולדיג מלאכ׳ל איבער מיינע זינד — איז דער שוועהר אַ שלעכטער, און דעריבער שטעלט זיך איהם אויך גאָט פאָר אַלס שלעכטער. (ראַש אָב דורכ׳ן הינטערגרונד. ר׳ העשעלע כאַפּט זיך אויף).

פאר האַנג.



# דריטער אַקט.

סצענע: אַ שלאָף-שטוב. אין הינטערגרונד אַ פֶענסטער מיט אַ אַראָבגעלאָזטער ראָלעט. לינקס אַ טהיר. מעבלירונג: צוויי בעטען, אַ קאַנאַפּקע, אַ וואַש-טיש און אַ וויעגעל. צווישען די בעטען אַ קליין טישעל מיט אַ אויסגעלאָשען ליכט און עטליכע ביכלעך. איבער'ן וואַש-טיש, הענגט אַ שפּיעגעל. אויפ'ן וואַש טיש, צווישען פלעשלעך מעדיצין, אַ בעקען מיט וואַסער, אַ וועק-זייגער און נאָך אַנדערע קלייניגקייטען — ברענט אַ לאָמפּ, איבערדעקט מיט אַ מילך-גלאָז שיין. צו דער זייט פון וויעגעל איז די גלאָז שיין איבערדעקט מיט אַ סערוועט, אַזוי, אַז ס'וויעגעל איז פערזונקען אין האַלבער דונקעלקייט. אין דער שטוב הערשט אַ אונאָרדנונג. אינ'ם וויעגעל ליעגט יוסעלע געפעהרליך קראַנק. אויף אַ בענקעל נעבען וויעגעל, מיט'ן רוקען צו דער טהיר זיצט שיינדעלע, דעם קאָפּ אַראָבגעהאָנגען און שלאָפט. ס'קומט אַריין מירעלע פערהילט אין אַ טיכעל.

מירעלע (נאָך פון דער טהיר): נו, וואָס הערט זיך? (קומט צו נעהנטער און דערזעהט שיינדעלע שלאָפט. שטיל צו זיך) שלאָפט... נעבעך... וויפיעל נעכט שוין נישט געשלאָפען... (געהט שטיל צו. גיט נישט גערן אַ קלאַפּ מיט'ן פיס. שיינדעלע כאַפּט זיך אויף מיט שרעק, בליקט אונרוהיג צום קינד) דו האָסט דיך דערשראָקען? (שיינדעלע גיט אַ לייכטען ציטער און דרעהט זיך ראַש אום צו מירעלען) וואָס שרעקסט דו זיך אַזוי, שיינדעלע?

שיינדעלע: כ'שלאָף שוין לאַנג? מ'ברויך אוראי שוין איינצוגעבען. אַזוי פערשלאָפען... (נעמט שנעל פון וואַש-טיש דעם זייגער, קוקט אויף איהם. בערוהינט) איינגאַנציען ערשט צעהן מינוט, ווי כ'האָב איהם

איינגעגעבען. ס'האט זיך מיר געדאכט. אז כ'שלאף שוין שעה'ן... די שוויגער איז שוין לאנג דא?

מירעלע: ניין, כ'בין ערשט געקומען. דער רעגען יאגט אזוי אין פנים, אז ס'איז אונמעגליך צו געהן.

שיינדעלע: אך... כ'האב גאר פערגעסען, די שוויגער קומט פון הייליגען ארט... איהר זאלט האבען אלדאס גוטס, גערעכט, (גיט א ציטערן אין קול) דער אויבערשטער זאל זיך דערבארעמען, ס'זאל שוין גענוג זיין... (האקט אב מיט טרעהרען, זעצט זיך צוריק מיט א נידעריג געבויגענעם קאפ).

מירעלע: אמן. (בייגט זיך נידריג איבער'ן וויעגעל, צום קינד מיט געוויין): דיין זיידע זאל זיך דארט מיהען פאר דיר. דו זאלסט געהאלפען ווערען מיט א רפואה שלימה... ס'זאלען דאך שוין אבגעטהון ווערען פון דיר דיינע יסורים, נעבעך... (נאך א ווײַלע גלייכט זי זיך אויס צו שיינדעלען) דער דאקטאר איז געוועזען?

שיינדעלע: נאך נישט. דוד'ל איז נאכ'ן געגאנגען.

מירעלע: ווערסט מיך הארכען? געה לעהן זיך צו אביסעל, איך וועל דא זיצען. (שיינדעלע ריהרט זיך נישט) הארך מיך, שיינדעלע. (טהוט אויס ס'איינהיל-טיכעל און זעצט זיך אויף דער קאנאפקע ביי דער וויעג) געה, וועסט דיך א ביסעל איבערשלאפען.

שיינדעלע (נישט ריהרענדיג זיך): ס'שלעפערט מיך נישט.

מירעלע: ס'שלעפערט דאך דיך יא! געה, שיינדעלע, דו האסט דיך שוין מעהר ווי א וואך נישט אויסגעטהון.

שיינדעלע: ס'שלעפערט מיך נישט. כ'האב מיך איבערשלאפען דא אויפ'ן בענקעל.

מירעלע: ווי לאנג ביזטו געשלאפען, א פאר מינוט... אזא שלאף האט א גרויסען טעם. מ'ווערט נאך מעהר צובראכען. אז דו וועסט, הלילה, אויך קראנק ווערען, וועט שוין בעסער זיין? געה, שיינדעלע, הארך מיך. איך וועל דא זיצען. נו, זיי נישט איינגעשפארט.

שיינדעלע (מיט טרעהרען): כ'קען נישט אוועקגעהן. (שאקעלט לייכט ס'וויגעל)

(מירעלע קוקט שטיל אויף שיינדעלען. זי וויל עטליכע מאל עפיס זאגען, האלט זיך אבער צוריק. פיהלט זיך אין פערלעגענהייט, ענדליך בעשליסט זי זיך).

מירעלע (נישט דרייסט): שיינדעלע, דו ווילסט אפשר... (שיינדעלע הייבט אויף דעם קאָפּ, קוקט אויף מירעלען. מירעלע ווערט צומישט, פּלאָנטערט זיך) כֿ'ווייס... אַ גאַנצע וועלט זאָגט... אפשר טאַקי... (שיינדעלע לאָזט צוריק אַראָב דעם קאָפּ) אפשר וועט דאָס העלפען... (גשוואָס דרייסטער) דו ווייסט, כֿ'האָב דיר קיינמאָל נישט געזאָגט קיין דעה. דו האָסט נישט געוואָלט אָבשעהרען, דוד'ל האָט אויך נישט געוואָלט, געזאָגט, אַז מען מעג, האָב איך מיך גאָרנישט אָנגערופען; כ'האָב נאָך געזעהן, אַז דו זאָלסט פון עלטער-שוועהר, פון טאַטען מיינעם, נישט האָבען קיין עגמת נפש. כֿ'האָב מיר גערעכענט: יונגע קינדער, כאַלד זיי מאַכען קרענקונג? אפשר ווייכען זיי בעסער... אַז ס'איז אָבער אויסגעגאָסען געוואָרען אַזאַ גאָט'ס צאָרן... (וויינט) אַזאַ גאָלדען קינד, אַזאַ שעהן בלימעלע... געהט אוים ווי אַ ליכט... אַלע זאָגען... (האַנקערט זיך) דער זיידע זאָגט אויך, אַז מ'האָט עס פערזינדיגט (שיינדעלע גיט אַ ציטער) שיינדעלע, דו ביזט דאָך... (שיינדעלע גיט אַ הילכיגען שלוכץ, מירעלע האַקט אָב אין מיטען רעדען. קוקט מיטלײַדיג אויף שיינדעלען).

(אין טהיר בעווייזט זיך חוה'לע, מירעלע דערזעהט זי, געהט צו איהר אַהין און ביידע פערשווינדען. שיינדעלע זיצט אַ צייט שטיל. שטעהט דערנאָך אויף און געהט לאַנגזאַם איבער דער שטוב שטאַרק פערקלערט).

שיינדעלע (צו זיך): און אפשר טאַקע... אַזאַ טייער קינד... פערזינדיגט... אייגענע האָר... (שטעלט זיך אָב, דריקט צו דעם קאָפּ צו דער קאַלטער וואַנד, כאַפּט זיך אויף) ס'איז נישט מעגליך! אַ ליגען! גאָט איז נישט אַזאַ שלעכטער... (נאָכדענקענד) ער שטראָפט נישט קיין קינד איבער זיין זינדיגער מוטער... (שטעלט זיך אָב. דריקט פעסט מיט ביידע הענד דעם קאָפּ) אוי, דער קאָפּ. (געהט איבער דער שטוב) זינדיגע מוטער... בין איך טאַקי אַ זינדיגע... אַ טעות געהאַט... און דוד'ל... (ס'קומט אַריין אסתר'ל, שיינדעלע לויפט צו און פאַלט אויף איהר אַרויף) זאָג מיר, כֿ'בין אַ זינדיגע? זאָג מיר, אסתר'ל, וואָרען דער קאָפּ ווערט מיר צושאָסען, כֿ'ווער משוגע!

אסתר'ל (דערשראָקען): וואָס רעדסט דו עפּיס? שיינדעלע! בערוהיג דיך... דו אַ זינדיגע? מיט וואָס?

שיינדעלע: כֿ'בין אַ זינדיגע... מיין קינד'ס רוצח... איך האָב'ן פער-

וינדיגט... די אייגענע האָר... נאָך אַנדערע געמאַלט זינדיגען...

אסתר'ל: אָבער וואָס רעדסט דו? דו זאָלסט אַזעלכעס זאָגען? דו, וואָס ביזט שטענדיג געוועזען אַזוי פעסט און איבערצייגט, אַז מיר אַלע האָבען דיך מקנא געוועזען?

שיינדעלע: אַלע זאָגען... אַלע זאָגען, אַז איבער מיינע זינד... און אַז אַלע זאָגען, גלויבסט דו? דו פערשטעהסט נישט אַליין, וואָס מען מעג און וואָס מ'טאָר נישט, נאָר דאַרפסט ערשט פרעגען ביי מענשען? פערשטעהסט נישט אַליין, אַז גאָט פערלאַנגט נאָר פון מענש, דאָס ער זאָל זיין גוט און ערליך און אַלע איבעריגע נאַרישע געזעצען האָבען נאָר מענשען אויסגעקלערט? נאָר וואָס דאַרף איך דיר דאָס אַלץ צו זאָגען, דו ווייסט דאָך עס בעסער פאַר מיר! איך האָב עס דאָך ערשט פון דיר געהערט! דאַרף איך דיר דיינע אייגענע ווערטער איבער'חזר'ן? (פיהרט צו שיינדעלען צו דער קאַנאַפע) און ווען אפילו מ'טאָר עס טאַקע נישט, גלויבסט דו, אַז דער אויבערשטער איז אַזוי אונגערעכט און שטראָפט פאַר אַזאַ קלייניג-קייט אַזוי שטרענג? און נאָך וועמען? אַ פיצעל קינד, וואָס איז גאָר-נישט שולדיג? איבעררעכען דיר אַליין!

שיינדעלע (זעצט זיך שווער. לאָזט אַראָב די הענד אָנמעכטיג אויף די קניען): כ'קאָן מיר גאָרנישט איבעררעכענען... כ'ווייס גאָרנישט... ער איז דאָך, נעבעך, אַזוי קראַנק... (וויינט)

מירעלע (קומט אַריין): שיינדעלע, דער טאַטעשי זאָגט, מ'זאָל פאַר אַ סגולה וועגען פערקויפען ס'קינד. מ'וואָלט עס אפשר געטהון? חוה'לע די קרעמערין האָט אַזאַ גליק צו קינדער... אַלט קינ-דער האָט זי געהאַט און האָט זיי אַלע, קיין עין הרע, אַזוי גרינג ערצויגען. מ'וואָלט אפשר איהר פערקויפט? זי איז דרינען, חוה'לע. זאָל איך זי אַריינרופען?

שיינדעלע: וואָס וועלען מיר העלפען אַזעלכע נאַרישקייטען... אַ קאָ-מעדיע מאַכען... אָבנאַרען דעם רבונו של עולם...

מירעלע: אָבער ס'קאָן דאָך נישט שאַדען? דער טאַטעשי זאָגט, אַז ס'איז אַ סגולה...

אסתר'ל (שטיל): לאָז די מאַמעשי געהן לאָזען. זי האָט אַזוי אויך געַנוג, צוואָס זאָל מען זי נאָך אויפרעגען מיט אַזעלכע

פּוסטע צערעמאָניעס ? (מירעלע קלערט אַ ווײַלע און גייט אונצופּריעדען לאַנגזאַם צו דער טהיר) .

שײַנדעלע (שטיל, ווי שעמעוודיג): און לאָז זי די שוויגער אַרײַנרופען . (פערשטעלט זיך ס'פּנים מיט ביידע הענד. אסתר'ל קוקט אויף איהר פערוואונדערט) .

מירעלע (צופריעדען): וואָס דען ? ס'איז דאָך אַ סגולה ! אפשר וועט דער אויבערשטער העלפען . . .

(מירעלע פערשווינדט און קומט באַלד צוריק מיט חוה'לען) .

חוה'לע : גוט נ'אָבענד ! (קומט נאָהענט צום וויגעל) גוט נ'אָבענד (שײַנדעלע קוקט מיט שטאַרע אויגען) נו, וואָס הערט זיך ? (בויגט זיך אַראָב צום קינד) מיר דאַכט זיך , אַז ס'איז גאָר ניט קשה, ער עטהעמט אַזוי לײַכט. דער אויבערשטער וועט העלפען... (שײַנדעלע קוקט אויף איהר ווי גאַרנישט ווי־סענדיג. אַ דריקענדע פּויזע) .

מירעלע (שטיל): נו, חוה'לע, גיב איהר. (צו שײַנדעלע:) וועסט נעמען פון איהר אַלצעהן גראָשען, הי, פאַר... דער טאַטעשי האָט דאָס געהייסען פאַר אַ סגולה .

חוה'לע (גיט שײַנדעלען געלט): דו ווייסט דאָך, שײַנדעלע, אַז דאָס איז נאָר גלאַט אַזוי, פאַר אַ סגולה וועגען... דו וועסט זעהן, ער וועט נאָך מיט'ן אויבערשטענס הילף געזונד ווערען... בײַם הימעל איז אַלץ מעגליך ... (שטילע פּויזע)

מירעלע (נישט דרייסט): נו זאָג, שײַנדעלע, אַז דו פערקויפסט...

שײַנדעלע (אויטאָמאַטיש) כ'פערקויף אײַך מײַן קינד .

חוה'לע (שטיל, נישט דרייסט): מען מוז זאָגען דעם נאָמען...

שײַנדעלע (ווי פריהער) : מײַן קינד יוסעלע . (אסתר'ל קאָן זיך נישט אײַנהאַל־טען פון וויינען און גייט שנעל אַרויס) .

מירעלע: אַלטער יוסעלע...

שײַנדעלע: מײַן קינד אַלטער יוסעלע ... (ברעכט אויס אין אַ שטאַרק געוויין).

מירעלע (צו חוה'לען מיט געוויין): און פון הײַנט אָן איז ס'קינד אין גאַנ־צען דײַן... אוי, רחמנות'דיגער גאָט, דו זאָלסט פון איצט אָן זײַן מזל עפּים ענדערען צום גוטען, ס'זאָלען דאָך שוין געענדיגט זײַן זײַנע יסורים, נעבעך...

חוה'לע : אמן . איהר וועט זעהן, אז ס'וועט אם ירצה השם זײַן אַל־

דאָס גוטס און איהר װעט נאָך פון איהם נחת דערלעבען. ס׳איז גאָר ניִשקשה. מ׳ברויך ניִשט ערגער, װי בײַ ...

שײַנדעלע (אין געװײן): אײנציגװײַס נעמט מען איהם צו בײַ מיר... צו ערשט אַ פרעמדען נאָמען איהם צו געגעבען, איצט שוין פערקױפט...

חוה׳לע: אָבער װאָס זאָגסט דו, שײַנדעלע! דו װײסט דאָך, אַז ס׳איז נאָר גלאַט אַזױ פאַר... (שײנדעלע װײנט װאָס אַמאָל שטאַרקער).

מירעלע (שטיל צו חוה׳לען): לאָמיר געהן. זי װעט אונז ניִשט זעהן, װעט זי זיך גיכער בערוהיגען! (זײ געהן ביידע צו דער טהיר).

חוה׳לע (װענדט זיך אום): דער אױבערשטער זאָל שיקען אַ רפואה שלימה פון גן עדן... (חוה׳לע און מירעלע אָב)

שײַנדעלע: אײנציגװײַס נעמען זײ איהם צו בײַ מיר... פערקױפט... (כאַפּט זיך אויף און לױפט צו דער טהיר) נײן, כ׳פערקױף ניִשט מײַן קינד! כ׳װיל ניִשט, אַז מײַן קינד זאָל הײסען... (שטעלט זיך אָב) ס׳איז גלײַכער אַזױ... חוה׳לע איז אַ ערליכע יודענע... איך בין אַ זינ־דיגע (געהט איבער דער שטוב) אַלע זאָגען... איבער מײַנע זינד... (פאַלט אַניִדער אויף די קניען, נעמט אַרום ס׳װיגעל מיט בײדע הענד) נײן, דו װעסט ניִשט לײַדען איבער מײַנע זינד... כ׳װעל אַלץ טהון, אום דו, מײַן האַרץ, זאָלסט לעבען; אַלץ, אַלץ װעל איך טהון, ס׳לעבען װעל איך אַװעקגעבען, אַבי נאָר דו זאָלסט מיר געזונד זײַן...

(זי גראָבט אײַן איהר קאָפּ אין די קישענס פון װיגעל. מ׳הערט איהר פערשטיקט געװײן. ס׳קומט אַרײַן ר׳ העשעלע. שײנדעלע לױפט צו איהם צו).

שײַנדעלע: הײליגער שװעהר! לאָזט מיר געהן מײַן אײנציג שװעלבעלע! ערבאַרעמט אײַך! ער איז דאָך גאָרניִשט שולדיג! פאַרװאָס האָט איהר איהם געשטראָפט?

ר׳ העשעלע: איך האָב׳ן געשטראָפט?!

שײַנדעלע: יאָ, איהר. ס׳קינד איז געװעזען געזונד און פריש און אַזױ װי כ׳האָב נאָר אײַך אַ קעגען גערעדט, איז ער באַלד קראַנק געװאָרען. אָבער װאָס איז ער שולדיג? שטראָפט מיך, איך האָב געזינדיגט, און לאָזט מיר געהן מײַן קינד, האָט רחמנות אויף מײַן אײנציג קינד!

ר׳ העשעלע (קוקט אויף איהר מיט רחמנות, װײך): דו האָסט אַ טעות, שײַנ־

רעלע, איך שטראָף נישט. נאָר גאָט, ברוך הוא, מעג שטראָפען, נישט אַ מענש. צו גאָט, ברוך הוא, בעט. (מיט אַ ציטערן אין קול) ער איז אַ אל רחום וחנון און וועט שיקען די הילף דורך זיין מלאך... (געהט צום וויגעל און שעפּטשעט עפּיס שטיל איבער'ן קינד).

שיינדעלע (שטעהט הינטער איהם): בעט, שוועהר, בעט פאַר איהם... איך בין נישט ווערט, כ'בין אַ זינדיגע... בעט איהר פאַר איהם... איהר זענט אַ צדיק, אייער תּפלה וועט מען צו הערען... בעט פאַר מיין קינד... ער איז דאָך אַזוי קראַנק... (וויינט)

ר' העשעלע (ווענדט זיך אום צו איהר): פאַר'ן כסא הכבוד איז בלויז רחמים און יעדענס תּפלה ווערט צוגענומען. אפילו ווער ס'זינדיגט, אז ער האָט נאָר באמת חרטה, איז מען איהם מוחל און זיין בקשה ווערט צוגעהערט. דו ביזט נישט קיין זינדיגע, דו האָסט גוטע יודישע מדות. דו האָסט נאָר אַביסעל געבלאָנדזשעט און איצט קומסט דו צוריק מיט אַ לב נשבר, פול מיט חרטה (שיינדעלע פערשטעלט זיך ס'פנים און וויינט שטיל) בעט, דער איבערשטער מיט זיינע גרויסע חסדים וועט דיר העלפען... יוחנן! (יוחנן קומט אריין) פיהר מיך אין שוהל אריין... און וועסט זאָגען אַלע מלמדים, לאָזען זיי קומען מיט זייערע תּלמידים... תּהלים זאָגען... (געהענדיג) שערי דמעות לא ננעלו... דער הימעל וועט זיך דערבאַרעמען... (אָב)

(שיינדעלע שטעהט אַ ווײַלע פערדעקט ס'פנים און וויינט. דערנאָך געהט זי מיט פעסטע טריט צום וואַש-טיש, נעמט אַ שער'ל און וויל זיך אָבשעהרען די האָר. זי גיט אַ בליק אין שפּיעגעל און די הענד פאַלען איהר אָהנמעכטיג אַראָב. זי שטעהט אַ ווײַלע, ווי קעמפּפענדיג מיט זיך. זי נעמט אָן אַ פעסטען בעשלוס און הויבט אויף די האַנד מיט'ן שער'ל צום קאָפּ. די האַנד ציטערט איהר אָבער און ס'שעהר'ל פאַלט אַראָב אויפ'ן וואַש טיש-מיט אַ רעש. זי בלייבט אַ ווײַלע ווי דערשראָקען).

שיינדעלע: כ'קאָן נישט... ס'האַרץ קלאַפּט מיר, ווי כ'וואָלט עמיצען גע'הרג'ה'ט... (לויפט צו און פאַלט אַרויף אויפ'ן וויעגעל מיט אַ געוויין) זאַי נישט בייז, קינד לעב, זאַי נישט בייז אויף דיין שלעכטער מאַמע... כ'קאָן נישט... (הייבט אויף דעם קאָפּ, ווי אויפקומענדיג פלוצלונג ווי פון אַ חלום) וואָס ס'אַראַ נאַרישקייטען! כ'טאָר נישט טראָגען די האָר, וואָס גאָט האָט מיר געגעבען?... (זי בלייבט שטעהן אויף די קניען שטאַרק פערטראַכט.

ס'קומט אַריין אסתר'ל און, דערזעהענדיג ווי שיינדעלע זיצט, בלייבט זי ערשטווינט געהט צו און נעהמט שיינדלען פאר דער האַנד).

אסתר'ל: שיינדעלע! ווי אַזוי זיצט דו? דו ביזט דאָך עפּיס גאָר אוים מענש? (שיינדעלע הויבט זיך שווער אויף און זעצט זיך אויף א שטוהל) וואָס טהוט זיך דאָס מיט דיר? דו ביזט דאָך שטענדיג אַזוי שטאַנדהאַפט געווען! דערמאָן דיך נאָר, ווען דו ביזט, נישט היינט געדאַכט, קראַנק געווען. דו ביזט דעמאָלט געווען געפערליך, אַלע זענען אַרומגעגאַנגען אָהן קעפּ, און דו האָסט געלאַכט און נאָך אונז צוגעגעבען מוטה. און היינט פאַלסט דאָך עפּיס גאָר איבער די הענד! שעהם דיך! ס'פּאַסט גאָרנישט אויף דיר.

שיינדעלע: און וואָס זאָל איך טהון? כ'קאָן מיך נישט פאַסען... אַזאַ טייער קינד... ס'מוטשעט מיך אַלץ דער געדאַנק, אַז איך בין אַלץ שולדיג...

אסתר'ל: אָבער וואָס טהוט זיך מיט דיר? דו האַלסט דיך ווייטער ביי די נאַרישקייטען?

שיינדעלע: כ'ווייס אַליין, אַז ס'איז נאַריש, כ'פערשטעה גאַנץ גוט, אַז ס'לוינט גאָרנישט צו קלערען וועגען אַזעלכע דומע זאַכען, און דאָך טרעט מיר דער געדאַנק נישט אָב אויף קיין רגע... (איראָניש) כ'האָב געוואָלט זיין א ביישפּיעל פאַר אַלע, געלאַכט פון דיר, פאַנאַטישע, פערשטעלטע דיך גערופען... און איצט בין איך זעלבסט גרייט... (פויזע) אסתר'ל, בעהאַלט ס'שערעל... ס'ליעגט דאָרט אויפ'ן וואַש־טיש.

אסתר'ל: וואָס שאַדט דיר, אַז ס'ליעגט דאָ?

שיינדעלע: ניין, כ'וויל נישט, ס'זאָל דאָ ליעגען (נעמט ס'שערל און גיט עס אסתר'לען) בעהאַלט עס ערגיץ דרינען. (אסתר'ל געהט צו דער טהיר) אסתר'ל, שיק עמיצען אַריבער צו קלמן שענקער: ס'איז שוין באַלד נישטאָ קיין אייז.

אסתר'ל: גוט, כ'וועל אַליין אַריבערגעהן. (אָב)

(שיינדעלע זעצט זיך אַנידער נעבען וויעגעל, נאָך א ווײַלע קומט אַריין דוד'ל).

דוד'ל: נו, וואָס הערט זיך?

שיינדעלע: וואו האָסט דו דעם דאָקטאָר?

דוד'ל: ער וועט באַלד אַריינקומען. ער וועט נאָר אָבקומען א פּאַציענט

און וואָס הערט זיך? ער האָט זיך גאָרנישט איבערוועקט?

שײַנדעלע: ניין. (פויזע, שײַנדעלע שטעלט זיך אויף) מ'דאַרף שוין צולעגען א פריש טיכעל. (דוד'ל געהט צום בעקען וואסער, וואָס אויפ'ן וואש-טיש) וואַרט, כ'וועל אַרויפברענגען פון קעלער. דאָס וואַסער איז שוין וואַרעם. (געהט אַרויס. טרעפט זיך אין ט..יר מיט מירעלען).

מירעלע: וואו געהסט דו אַזוי בלייז?

שײַנדעלע: אין ערגיץ, נאָר אין קעלער. (אָב)

מירעלע: דער דאָקטאָר איז געוועזען?

דוד'ל: נאָך נישט. ער וועט באַלד קומען.

(מירעלע געהט צום וויעגעל, קוקט צום קינד, שאָקלעט מיט'ן קאָפּ און וויינט, געהט ענטשלאָסען צו דוד'לען).

מירעלע: דוד'ל! כ'געה אין שוהל איינו'ייסען... ס'קינד ברויך גרוים רחמים... (דוד'ל געהט צום פענסטער מיט'ן רוקען צום צושויער און ווישט זיך די אויגען) און דו שמועס דאָ מיט שײַנדעלע'ן... איך קאָן נישט... זי האָט אָהן מיר אויך געגוג, וואָס זאָל איך איהר נאָך צו לעגען... מיינע ווערטער מאַכען איהר קרענקונג, כ'בין פאָרט נאָר אַ שוויגער. דו, אַ מאַן, קאָנסט גיכער... גיב איהר צו פערשטעהן... אַ גאַנצע וועלט איז דאָך נישט משוגע... אַלע זאָגען, אַז מ'ברויך עס צו טהון... אפשר וועט דער אויבערשטער העלפען... אין דעם זכות. (אָב מיט א געוויין)

ס'קומט אַריין שײַנדעלע מיט אַ טעלער וואַסער אין דער האַנד. נעמט אַ טיכעל, טונקט איין און דרעגגט עס אוים.

שײַנדעלע: דוד'ל! (ער הערט נישט, העכער) דוד'ל! (ער דרעהט זיך אום) קום אַהער, וועסט איהם אונטערהאַלטען ס'קעפּעל.

דוד'ל (געהט צו): שײַנדעלע... שײַנדעלע... די מאַמעשי זאָגט, אַז דו דאַרפסט... (צווויינט זיך)

שײַנדעלע (קוקט אויף איהם מיט אַ שטילען פאָרוואורף): דו אויך? דו זאָגסט אויך, אַז איבער מיר? האָסט דו דען נישט אַליין געזאָגט, אַז מען מעג?

דוד'ל: כ'ווייס נישט... זיי נישט בייז, שײַנדעלע. כ'ווייס נישט, וואָס כ'רעד... כ'ווייס שוין אַליין נישט, וואָס מען מעג און וואָס נישט, כ'ווייס שוין גאָרנישט... (ער נעמט זי אַרום. זי לענט איה-

קאָפּ אויף זײַן ברוסט, וויינען בײדע שטיל)

שײַנדעלע (כאַפּט זיך אויף): מען מוז צו לעגען ס'טיכעל. (געהט צום וויעגעל אונרוהיג) וועה נאַר, ס'קינד איז דאָך עפּיס אַזוי בלאַס! (לעגט צו די הענד צום קינד'ס קעפּעל) ער האָט גאָר אַ קאַלט קעפּעל! (בעטאַפּט שנעל דאָס קינד מיט ציטערענדע הענד. מיט שרעק) ער איז דאָך אינגאַנצען קאַלט!... (דוד'ל לויפט צו) יוסעלע! יוסעלע! יוסעלע!...

שײַנדעלע: יוסעלע! מײַן טרייסט! (ס'קומט אַרײַן דער ערשטער ח"ק מאַן, געהט ראַש צום וויעגעל, גיט אַ קוק אויפ'ן קינד און שרײַט צו דער טהיר: אַ ליכט!) מײַן כשר קינד! יוסעלע!

ס'קומט אַרײַן דער צווייטער ח"ק מאַן מיט אַ ברענענדיג ליכט אין האַנד. ס'קומט אויך אַרײַן צו לויפען מירעלע, זי בלײַבט שטעהן בײַ דער טהיר, ברעכט זיך די הענד און וויינט הויך, די ח"ק לײַט רוקען אָב אָן אַ זײַט דוד'לען און שײַנדעלען, וועלכע שטעהען ווי צומישט, שטעלען זיך בײַ'ם וויעגעל און זאָגען: אשרי תמימי דרך)...

דוד'ל (לויפט איבער דער שטוב, ברעכט זיך די הענד): רבונו של עולם... דערבאַרעם דיך... רבונו של עולם, רבונו של עולם...

(שײַנדעלע גיט זיך אַ כאַפּ, ווי פון שלאָף, לויפט צום וויעגעל)

אַ ח"ק מאַן (פערשטעלט איהר דעם וועג): מ'טאָר איצט נישט צו געהן...

שײַנדעלע (שטופּט איהם אָב): אַוועק! מײַן קינד... לאָזט מיך צו!...

מירעלע (לויפט צו, כאַפּט אַרום שײַנדעלען און פיהרט זי מיט געוואַלד אַוועק, מיט געוויין): שײַנדעלע... מ'טאָר דאָך נישט... קינד לעבען... מען מוז צו נעמען באהבה... אַזוי איז זײַן ליעבען נאָמענ'ס ווילען...

שײַנדעלע: ניין, ניין, ס'איז מײַן קינד! מײַן! לאָזט מיך! מײַן איז עס!...

(ס'קומט אַרײַן דער דאָקטאָר, ער בלײַבט אַ ווײַלע שטעהן אין טהיר איבעראַשט. דערנאָך געהט ער ראַש צו, רוקט אָב די ח"ק לײַט, לעגט און בויגט זיך נידריג איבער'ן קינד. שײַנדעלע בעמערקט נישט דאָס אַלץ און סאַרפּעט זיך צו בעפרײַען פון מירעלען).

דוד'ל (לויפט צו צום דאָקטאָר): ראַטעוועט מיר מײַן קינד... ראַטעוועט איהם...

דאָקטאָר (שטעלט זיך אויף מיט אַ פרעהליך פּנים): נו, דאַנקען גאָט! (שײַנדעלע גיט זיך אַ ריס אַרויס פון מירעלעס האַנד און לויפט ראַש אַרויס, נישט הערענדיג דעם דאָקטאָר'ס ווערטער) ער האָט גליקליך אויסגעהאַלטען דעם

קריזיס. (צו די ח"ק לייט) געהט אייך אייער וועג, ס'קינד איז אונזער.

(דור'ל בלייבט שטעהן, ווי אין חלום. מירעלע לויפט צו צום דאָקטאָר)

מירעלע: וואָס?... טאַקע?... געלויבט דער... (דער פרייד-געוויין דערשטיקט איהרע ווערטער).

(דור'ל קומט צו זיך, לויפט צו, דריקט דעם דאָקטאָרס האַנד, לויפט צום וויעגעל, קוקט צום קינד און דריקט ווידער דעם דאָקטאָר די האַנד. ער לאַכט און וויינט צוזאַמען און קאָן קיין וואָרט נישט אויסרעדען).

דאָקטאָר: נו, נו, פּאַסט אייך אַ ביסעל... פּאַסט אייך דאָך! מען מוז איצט טהון צו דער זאַך. (נעמט אַרויס אַ נאָטיץ-ביכעל) מען מוז זעהן דעם פּולס צו הויבען. די הויט איז מיט איינמאָל אָבגעפאַלען. (שרייבט שנעל)

מירעלע (וויל אַרויסלויפען, נאָר האַלט זיך צוריק. צו אַ ח"ק מאַן) כ'קאָן נישט אַוועקגעהן איצט. לויפט איהר אַריין, זאָגט דעם טאַטעשי, אַז ס'איז, ברוך השם, אַלדאָס גוטס. זאָגט דרינגען אַלע, אַז דער אויבערשטער האָט געהאָלפען... (I ח"ק מאַן אָב) און וואו איז ערגיץ שיינדעלע?

דאָקטאָר (ענדיגט ס'שרייבען, צו דור'לן) דאָס מוז... נאָר איהר זענט צופיעל אויפגערעגט. (צום II ח"ק מאַן) לויפט איהר מיט דעם אין אַפּטייק. נאָר שנעל. מען מוז דאָס באַלד האָבען. (II ח"ק מאַן אָב)

מירעלע: אָבער וואו איז ערגיץ שיינדעלע געלאָפען?

דור'ל: זי איז דען נישטאָ? (קוקט זיך אַרום אונרוהיג און מאַכט אַ בעוועגונג צוגעהן זי זוכען)

(ס'קומט אַריין צו לויפען שיינדעלע. די האָר אָבגעשווירען און צופלאָשעט. אין דער האַנד האַלט זי די נאָר וואָס אָבגעשווירענע צוויי לאַנגע דיקע צעפּ. דור'ל און מירעלע בעמערקען דאָס נישט און לויפען איהר אַקעגען)

דור'ל און מירעלע (אָבגעהאַקטע ווערטער): אונזער קינד... אַלדאָס גוטס... געלויבט דער אויבערשטער... וועט געזונד זיין... אַלדאָס גוטס...

שיינדעלע (שטופּט זיי אָב): אַוועק! כ'בין שוין נישט קיין זינדיגע! מיין קינד! מיין קינד! (פאַלט אַרויף אויפ'ן וויעגעל) נשמה מיינע, דו וועסט נישט שטאַרבען... דיין מאַמע האָט תשובה געטהון... יוסעלע!...

דוד׳ל און מירעלע: אָבער שיינדעלע... ס׳איז דאָך אַלדאָס גוט׳ס, ברוך השם... דער אויבערשטער האָט שוין...

שיינדעלע (הערט גאָרניִשט. שטעלט זיך ראַש אויף, שטרעקט אויס אין דער הויך די האַנד מיט די צעפּ האָר): גאָט! האָסט געוואָלט מיינע האָר— אָט האָסט דו זיי און גיב מיר צוריק מיין יוסעלען! מיין קינד גיב מיר צוריק! (האַרצרייסענד) מיין קינד!...

זי פאַלט אין אָהנמאַכט. אַלע לויפען צו.

(פאָרהאַנג).



# נאָרדױ׳ס מַעֲשֶׂה׳לִיך

דִי דאָזִיגֶע מעשה׳לִיך זֶענֶען פַאר קִינדער אוּן פַאר גרױסֶע. יאָס קִינד װעלֶען פֶערַאִינטערֶעסִירֶען די קאָמִישֶע האַנדלוּנגֶען, די רִיהרֶעװדִיגֶע סצענֶעס, װאָס בּרֶענגֶען אַזױ צוּם לאַכֶען. שױן בּאַלד אִין אָנהױבּ פוּן דער „מעשה מִיט קֶעץ, װאָס האָבֶּען קײן מַײז נִישט גֶעװאָלט חאַפּען“, װִילט זִיך לאַכֶען. אָט װִי עֶס װערט גֶעשִׁילדערט: „זִי (די גרױסֶע קאַץ) אִיז גֶעװעזֶען די מאַמֶע פוּן פִינף רײצֶענדֶע קעצלִיך, אַ שװאַרצֶע, װאָס האָט גֶעהײסֶען מִיעֶזֶע, אַ װײַסֶע, װאָס האָט גֶעהײסֶען לִיעזֶע, אײנֶע האַלבּ שװאַרץ, האַלבּ װײַס, װאָס האָט גֶעהײסֶען פוּר, אײנֶע מִיט בּרױנֶע אוּן גרױעֶ פלֶעקֶען, װאָס האָט גֶעהײסֶען מוּר, אוּן אײנֶע מִיט שװאַרצֶע אוּן גרױעֶ פאַסֶען, װאָס האָט גֶעהײסֶען הִינץ. פוּר אוּן מוּר אוּן הִינץ זֶענֶען גֶעװעזֶען קאָטֶערס, לִיעזֶע אוּן מִיעזֶע — קֶעצלִיך. אַלֶע צוּזאַמֶען, בּרִידֶער אוּן שװעסטֶער, זֶענֶען נאָך גֶעװעזֶען הדר-קִינדֶער. זײ האָבֶּען שױן גֶעקֶענט בּרוּמֶען אוּן בּוּרטשֶען, יאָמֶערן אוּן מיאַוּקֶען, קלֶעטֶערן אוּן מִיט די נֶעגֶעל קראַצֶען, זִיך דאָס פֶעל רײַנִיגֶען אוּן מִיט אַ בּענֶעצטֶער לאַפֶּע דאָס גֶעזִיכט װאַשֶען. אִיצט האָט זײער מוּטֶער אָנגֶעהױבּען זײ מִיט דער העכֶערֶער װִיסֶענשאַפט בּעקאַנט צוּ מאַכֶען. דאָס הײסט, זי האָט זײ גֶעלֶערנט חאַפּען מַײז. דאָס אִיז גאָר נִישט לײַכט גֶעװעזֶען“... א. א. װ.

פַאר דעם דערװאַקסֶענֶעם מענשֶען װִידער לִיעגט אִין די דאָזִיגֶע מעשה׳לִיך בּעהאַלטֶען אַ טִיעפֶער גֶעדאַנק, אַ שאַרפזִינִיגֶע שטעל, אַנ׳אַלֶעגָארִישֶע כּונה, אוּן נִישט-װִילֶענדִיג װעט עֶר נאָכדֶעם זִיך פֶערטראַכטֶען װעגֶען װעלט אוּן לֶעבֶען, װעגֶען מענש אוּן דעם ארוּמִיגֶען. אוּן פַאר אוּנז יוּדֶען האָבֶּען אָט די מעשה׳לִיך גאָר אַ בּעזוּנדער חן: זײ האָט גֶעשרִיבֶּען דער לִיעבֶּער װײַסער נאָרדױ, יענֶער שענֶער מעכטִיגֶער אײראָפּעאִישער יוּד, װעלכֶער אִיז אוּנז אַזױ טײַער אוּן נאָהֶענט...

**פּרײַז 50 קאָפּ׳.**

Э. ГИТЛИНА, Варшава, Налевки Ивановскій Базаръ